## מענדעלע מוכר ספרים

# אויסגעוויילטע ווערק

דריטער באנד

## דאָס קליינע מענטשעלע

פארלאג ,,יידיש בוך" ווארשע 1953

MENDELE MOJCHER SFORIM

# DZIEŁA WYBRANE

III tom

**Redaktor: D. SFARD**

Okładkę projektował: I. REJZMAN

Ilustracja T. GLEB

רעדאַקטאָר: ד. ספֿאַרד

הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

אילוסטראַציע: ק. גלעב

*Printed in Poland*

**Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1953 r.**

Nr. zam. 555 Nakład 6000 egz. Druk ukończono w lipcu 1953 r.

Ark. druk 11 Ark. wydawn. 9,5 Papier sat. V kl. 61x86 70 gr.

Druk. R.S.W. „Prasa" W-wa, ul. Tarczyńska 8 4-B-51204

# דאס קליינע מענטשעלע

אדער

א לעבנס־באשרייבונג פון יצחק־אברהם תקיף

# א

זייט זשע מוחל, רבותי, און שטעלט אייך פאָר מעגדעלע מוכר־ספ־
רים, מיך אַליין, הייסט עס, ווי איך שטיי מיר האַרבסט־צייט מיט מיין
ביידל ערגעץ אויף א וועג, שטאַרק פארטראַכט און ריר מיך נישט פונעם
אָרט. אפשר וועט איר וועלן מיינען, אז מייןביידל האָט זיך איינגעזונקען
אין בלאָטע און איך טראַכט דאָ, וויאזוי עס ארויסצושלעפן? — ניין! דאָס
איז געווען טאַקע היינטיקס יאָר תרט"ו, וואָס מע מעג עס פארשרייבן
אין די קראָניקעס פאר א וואונדער מיט זיין טרוקענעם זייער שיינעם
האַרבסט. איינדרויסן איז געווען גאָר זומער: וואַרעם, לויטער. בהמות
האָבן זיך געפיטערט אויף די פעלדער, פון וועלכע עס האָט געדיכט ארויס־
געשפּראָצט יונגע גרינע תבואה. ביימער האָבן אויף זיך געהאַט א געל־
גרין העמדל, ערטערווייז אפילו מיאוס אָפּגעבליאַקעוועט, צעהאַקט, צע־
פאַלן מיט אויסגעטריפּלטע לעכער, נאָר האָד האָבן זיי נישט געהאַט נאָך
בדעה אויסצוטאָן זיך אינגאַנצן נאַקעט אויף צו שלאָפן זייער געווינטלעכן
האַרטן שלאָף דעם גאַנצן ווינטער. אין דער לופט זענען אומעטום געפלויגן
לאַנגע ווייסע פעדעם שפּינגעוועב, אַ סימן אויף גוט, שיין וועטער, הגם
דער לוח האָט געשריבן אויף וואָלקנדיקע טריבע טעג און קאַלטע רעגנס.
ער האָט, זאָל ער מוחל זיין, נישט געטראָפן, געזאָגט, ווי דער שטייגער
איז, אַ גרויסן ליגן... נישט דאָס בין איך אויס.

אפשר וועט איר ווייטער וועלן מיינען, אז איך בין געשטאַנען מיט
מיין ביידל, ווייל איך האָב נישט געוווּסט דעם וועג? נאָך אַ מאָל ניין! איך
האָב זייער גוט געוווּסט, אַז דאָרט, וו דער וועג צעטיילט זיך, נעמט מען זיך
רעכטס קיין גלופּסק און לינקס ערגעץ אנדערש אין א שטעטל. לאָז זיך
אייך דאַכטן — קאַבצאַנסק. נאָר וואָס דען זשע? פּשוט איז פּשוט, איך
האָב מיר קיין עצה נישט געקאָנט געבן, אין וועלכער זייט זיך צו נעמען.
איך האָב געהאַט טעמים פאָרן קיין גלופּסק, צו מאַכן דאָרט עפּעס א שטיקל
חילוף און אָפּצוזעצן דאָרט סטאָטשקעס און וועקסלען חנוכה־ליכטלעך,

אקעגן זשע האָב איך ווידער געהאַט טעמים צו פאָרן אויפן יאריד דאָרט אין שטעטל, און מחמת דעם בין איך געבליבן שטיין אויפן וועג נישט אהין, נישט אַהער, אזוי ווי אין דער קלעם. טראַכטנדיק, האָב איך מיך גראָד פאַרקוקט אויף מיין פערדל, וואָס איז געשטאַנען זייער רואיק, גע=קראצט דעם האלדז אין הער האָלאָבליע און איז פונעם שטיין, אפנים, שטאַרק צופרידן געווען. איך האָב געקוקט אויף אים עפעס מיט אזעלכע אויגן, גלייך ווי איך וואָלט פארלאנגט פון אים עפעס אן עצה. און באַלד טאַקע איז מיר איינגעפאלן איבערצוגעבן די גאנצע זאך אים, דעם פערדל: ווי ער וועט וועלן, אַזוי זאָל זיין. לאַכט נישט, לאַכט נישט, רבותי! אַז מען איז אמאָל מסופק און מען ווייסט נישט וואָס צו טאָן, פארלאָזן זיך קלוגע אפילו אויף משונהדיקע מיטל. זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז אזוינס א פאַטש טאָן זיך, אין אזא פאַל, אין שטערן און מאַכן אויף דער האַנט קנייטשן? אָדער וואָס שטעקט אזוינס נאָך אין אנדערע אזעלכע גורלות און אלערליי סימנים? א נאַר אפילו גילט דענסטמאָל זייער שטאַרק, מע פרעגט אים און מע נעמט אָן זיין עצה. עס טרעפט זיך אין דער וועלט זייער אָפט, אז קלוגע גיבן זיך איבער נאַראָנים אין די הענט און לאָזן זיך פון זיי פירן. איך קען אַ סך אַזעלכע נאַראָנים, וואָס שפילן אַ ראָליע און דווקא ביי סוחרים, לייטישע מענטשן... נישט דאָס בין איך אויסן.

איך האָב א שמיין געטאָן דאָס פערדל, אָפגעלאָזט די לייצן און עס געלאָזט גיין פריי, פירן מיך, וווהין עס וויל. דאָס פערדל האָט זיך גענומען רעכטס אויף דעם וועג-קיין גלופסק. נו, האָב איך מיר געטראַכט, א מאָל געבנדיק מיט דער האנט, פיר מיך, פיר מיך, אפשר ביסטו גערעכט. אז דיר געפעלט גלופסק, לאָז זיין גלופסק!

אויף מאָרגן פרי נאָכן דאַוונען בין איך אָנגעקומען קיין גלופסק און בין מיר, ווי מיין שטייגער איז, צוגעפאָרן גלייך צום בית=מדרש. איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט מיך אומצוקוקן, האָבן זיך א לאָז געטאָן צו מיר אַן עולם יידן באַלעבאַטים, באַלעבעסלעך, בחורים מיט שלום=עליכמס, מיט אַ טאַפּ=אַ לאַפּ, אַ קוק אין ביידל, און מיט שאלות, ווי דער שטייגער איז פון יידן. די ווייסע חברה, די תלמוד=תורה=יינגלעך, האָבן זיך פרייליך=לעבעדיק געוויטעט מיט מיין פערדל, גאָר פריינדלעך מקבל=פנים געווען זייער אַלטן באַקאַנטן און שוין אפילו זיך מכין געווען רייסן סטרונעס פון זיין ווידל.

אויפן שול=הויף האָב איך געזען רעדלעך מענטשן, עפעס אַמפערט מען זיך, מע שמועסט, מע זאָגט ווערטלעך, מען אָכט און שאָקלט מיט דעם קאָפּ. באַלד האָבן עטלעכע רעדלעך זיך צונויפגענומען אין איין רעדל, עס האָט געאַרבעט, געפילדערט, געמאַכט מיט הענט אי מיט פיס, און

באַלד איז דאָס צונויפגעשטיקטע רעדל צעשפּרונגען געוואָרן, ווי אַ זייפנ־בולבע, אויף קליינע רעדלעך. אפנים, טראַכט איך, ס'איז עפּעס געשען. אַז מע קלינגט איז הנאַ. איך בין שטאַרק ניקאַווע געווען צו וויסן, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס, עפּעס בין איך דאָך אַ ייד, מיין נשמה איז, ווי זאָגט מען עפּעס, נישט פון קליאַטשעס, זי וויל אויך אין דער וועלט אַלצדינג הערן, שמעקן, ווי אַלע יידישע נשמות. עס קומט דאָך טאַקע אַמאָל שטאַרק צונויף. עס זענען דאָ זייער פיל יידן, וואָס ציען זייער שטיקל פּרנסה דער־פון, וואָס זיי שמעקן אומעטום אַריין די נאָז און שמעקן, וואָס ווו צווייזענען זיי דריטע און פאָדערן חלק, אָדער העפּ, ווי מע רופט עס אויף זייער לשון. יהדיו איז אַ יידישע זאַך... נישט דאָס בין איך אויסן.

אַז איך האָב מיך צוגעהערט צו אַ ניי רעדל מענטשן, וואָס איז אויס־געוואַקסן לעבן מיר, איז מיר אַריין אין אויער אָט דער דאָזיקער שמועס:

— אָ־וואַ, אָ־וואַ! ברוך דיין האמת! נאָך כמעט גאָר אַ יונגערמאַן, איך מיין אַרום ארבעים און אפשר טאַקע, האַ, אַרום חמישים. אָ־וואַ! ס'פייטש אַזאַ מענטש, אַזאַ מענטש!

— מילא וואָס זשע זאָרגט איר זיך דאָ אַזוי, רב אברהמצע, און קאָנט זיך נעבעך נישט טרייסטן? אַ שיינע, ריינע כפּרה, כ'לעבן! נישט אַזאַ גרויסער יחוס? טאַקע, באמת טאַקע, וואָס?

— ביי דיר, יאָסל, איז אַלין נישט קיין יחוס! מסתמא איז טאַקע ר' אברהמצע געשטאָרבן. אָ־וואַ, אַזאַ רייכער מענטש! אַ רחמנות, ווי איך בין אַ ייד!

— נאַט אייך אַ נייעם בעל־רחמים, לייבציע טעמעס! וואָס, האַ, האָט מעלתו פריער געזאָגט? דאַרפן וואָס געזאָגט?

— געזאָגט?! וואָס, יאָסל, האָב איך געזאָגט, איך? וואָס, אדרבא.

— טאַקע אַדרבא ואדרבא, רב לייבצע אַליין מיט זיין כשר מיילכן האָט געזאָגט: „אויך מיר אַ מענטש איציק־אברהמל תקיף! ער איז געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, נישט מוחל זיין, אַ גראָבער יונג, אַ רמאי, אַן אכזר און דערצו נאָך אביסל חושים“.

— וואָס איך, יאָסל? עט, נישטאָ מיט וועמען צו רעדן... אַ גוטן טאָג!

— אַ גוטן טאָג, אַ גוט יאָר! קומט, ר' אברהמצע, אין בית־מדרש אַריין, לאָמיר דאָרט נעמען ביים שמש צו ביסלעך בראָנפן.

— זעסטו, יאָסל, אביסל בראָנפן אַציינד שאַדט טאַקע אפשר נישט. האַ? האָסט, כ'לעבן, קלוג געטאָן, יאָסלע, וואָס די האָסט אַזוי גוט מכבד געווען דאָ דעם ליגנער. לאָמיר זיך נישט נאַרן, באמת טאַקע, וואָס איז ער דאָ אַזאַ פאָרנעם? ער איז עליו־השלום געווען אַן עם־הארץ, אַ קאָכלעפל, אַ באַרייסער.

— אָט דערפֿאַר, ר' אברהמצע, האָב איך אייך טאַקע ליב. זעט איר, דערפֿאַר טאַקע, וואָס איר האָט תמיד ליב צו זאָגן דעם אמת.

— ממון קורח!... אָנגעשטאָפּט מיט געלט געווען, עליו־השלום — רייסן זיך איין יידן דאָס געזונט, שרייענדיק דאָרט אין א צוגויפֿגעשטופּט רעדל.

— וויפֿל, א שטייגער, וועט איר אים געבן?

— א ק"ן אלפים מיין איך אים זיבער געבן.

— קאַרג, נישקשה, איר מעגט צולייגן נאָך, נאָך...

— מהיכא־תיתי, אז איר ווילט...

— איך האָב מורא טאַקע די גאַנצע ש"ן אלפים.

— איר זענט א נאַר!... טאַקע ת"ק אלפים.

— איך בין א נאַר, און איר זענט א קבצן!

— ועסט כאַפּן אין באַק!

— ועסט כאַפּן איןביידע.

עס ווערט א קאָכעניש, א בוצקעניש, יידן צעלויפֿן זיך.

— ניין, ניין! — הערט זיך שרייענדיק א געמבע נאָך פֿון א רעדל מענטשן — דאָס איז פֿאַר איר נישט קיין שידוך! איר שפּילט זיך מיט אזא רייכע אלמנה? איך האָב פֿאַר איר אן אנדער שידוך, עס וועט מיט גאָטס הילף גיין. ס'איז איר איבערגעבליבן א פֿאַרמעגן, זי האָט א גע־בליאטעוועטע כתובה און מיינער וועט זי מיט גאָטס כוח נעמען, כאַפּן מיט ביידע הענט.

— יחדיו, יאָקל־גרונם! — קווטשעט א בײ־קולכן — איך בין דינ־רויף אייך געפֿאלן, יחדיו, יידן, זייט עדות!

— ארוח אין דיין טאַטנס טאַטן אריין! — לאָזט זיך הערן א קול, און דאָס רעדל איז ווי א בולבע זיך צעפֿלויגן.

איך האָב אויסגעשפּאַנט דאָס פֿערדל, אים אומגעקערט צווישן די האָ־לאָבליעס מיט דעם פּנים צום וואָגן, אונטערצופּאַסען עס מיט אַביסל סימשקע, און דערנאָך האָב איך מיך גענומען צו דער ארבעט אויספּאַקן מיין ביידל. נאָר קוים וואָס איך האָב געמאַכט א שטיקל סדר, ארויסגע־האָנגען פֿון ביידע זייטן בויד אַ קרענצל קמיעלעך, בליטשקענע יארמול־קעלעך, עטלעכע פֿעקלעך ציצית און ארויסגעשטאָפּט א סטאָטשעק, אַ טלית־קטן וכדומה, — איז דער בית־דין שמש געקומען צולויפֿן הענדעס־פֿענדעס אין איין אָטעם:

— אוי געוואַלד, ר' מענדעלע! שלום־עליכם, ר' מענדעלע! דער רבי זאָל לעבן, האָט אייך זייער שיין געלאָזט בעטן, איר זאָלט זיך מטריח זיין מיט אייער כבוד, גיכער, טאַקע גיכער, ר' מענדעלע.

דאָס, וואָס דער רב איז אַזוי גיך געוואָר געוואָרן, אַז איך בין געקומען — דאָס גראָד איז מיר קיין חידוש נישט געווען. וואָרעם גלופּסק איז אַ יידי־שע שטאָט, און יידן דערגייען זיך תמיד אַלצדינג געשווינד. לאָז איינער ביי זיך אויסרעדן עפּעס אַ וואָרט, באַלד מאַקע ווייסט מען דאָס אויף דער צענטער גאַס און מע צעטראָגט עס אויף טעלערלעך, אַ סך גיכער ווי דער טעלעגראַף. אַ חידוש איז מיר נאָר געווען, וואָס באַדאַרף מיך אַזוי דער רב האָבן? און צוואָס האָט ער נאָך מיר געשיקט דעם בית־דין־שמש אין אַזאַ איילעניש? באַלד אָבער איז מיר אַרויף אויפֿן זינען — אַ דין־תורהלע... דאָ מוז עפּעס זיין אַ קרעצל... און עס האָט מיר אַ טיאָכקע געגעבן אין האַרצן! וואָרעם ווי האָט איר דען אַ יידן, וואָס ער זאָל נישט פילן ביי זיך אין די געשעפטן עפּעס אַ מכהלע, וואָס מע זאָל נישט קאָנען צו אים נעבער זיך זוכן?... נישט דאָס בין איך אויסן.

איך האָב איבערגעמישט אין קאָפּ מיינע געשעפטן און מיר איז אַרויף אויפֿן געדאַנק דער מחותן! אפשר טשאַטעוועט אויף מיר דער מחותן, ווייל מיך צווינגען איינצולייגן דעם נדן און וויל ווייסן אַן עק, אַ סוף. דער מחותן מיינער איז אַ פּראָסט מענטשל. ער מיינט, וואָס עס שטייט אין די תנאים, מוז מען האַלטן און וואָס מע האָט זיך מתחייב געווען, מוז מען מאַקע סילוקן. ער פאַרשטייט נישט, דער נאַר, אַז דאָס אַלצדינג איז לאו־דווקא, עס גייט אַזוי נאָר אין שמועס, גלאַט אַזוי פון איידלקייט וועגן. מע באַ־דאַרף זיך ברייט שטעלן מיטן פולן מויל. עס זאָל פּאַר דער וועלט אַ פּנים האָבן, ווי אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן זיך נוהג געווען... נישט דאָס בין איך אויסן. אָדער, האָב איך געטראַכט, אפשר גאָר חלילה דער מוכר־ספרים! יענער מוכר־ספרים, מיט וועלכן איך האָב פּאַראַיאָריקן זומער געשטעכעוועט אויף פאַרלעגערטע מינים: איך האָב אים אין הילוף אָפּגע־געבן הגדות, תיקון־שבועותלעך, ההלעך, וואָלפּציינדלעך. הייניטיקע נייע מעשיות, שמאָכטעס, קיי און שפיי. און ער מיר — מענה־לשונס, תפילה־זכהס, חנה־בת־טובים, מעש, מחזורים, וכדומה נאָך מיני ספרים. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז ער האָט זיך אָפּגענאַרט און וויל איצט מענהן אַ מקח טעות, אויסצומאָנען ביי מיר עפּעס! גאָט זאָל שומר ומציל זיין האָבן צו טאָן מיט אַ היגן מוכר־ספרים. עס קאָן צעזעצט ווערן די גאַל פון זייערע טענות און תביעות!... נישט דאָס בין איך אויסן. הכלל, ס'איז מיר געוואָרן אויפֿן האַרצן עפּעס נישט פריי־לעך. אהער, אהין, מע מוז דאָך גיין.

מיישב האָב איך מיך געווען מיטצוגעמען אַ פּאָר סטאַטשקעס, עטלע־
כע קליינינקייטן, גאָר אַ שפּאָגל נייע תחינה. אפשר וועט דאָס דער רביצין
טויגן און מיר צוגוץ קומען... נישט דאָס בין איך אויסן.

אויף מיין פערדל בין איך געווען עפּעס ברוגז, וואָס אים איז געפעלן
געוואָרן גלופּסק, דערפאַר האָב איך אים מכות אונטערגעשאָטן סיטשקע, אים
דערלאַנגט אַ זעץ אין דער מאָרדע מיט עטלעכע שטעכווערטלעך און, אי־
בערגעבנדיק אים מיט דעםביידל אונטער דעם שמשס השגחה, בין איך
אַוועקגעגאַנגען אין כעס, זאָלן אים זיינע גלופּסקער ייִנגלעך רייסן סטרונעס,
וויפיל זייער האַרץ גלוסט. רעכט אויף אים, ער האָט אזוי געוואָלט. אז אים
איז ניחא גלופּסק — איז מיר אויך ניחא, וואָס פאַר אַ דאגה איך האָב.

ווי איך האָב נאָר געעפנט די טיר און אַריינגעטראָטן מיט אַ פוס אין
שטוב, איז מיר דער רב געלאָפן אַקעגן מיט אַ קול:

— אוי, ר׳ מענדעלע! אוי, שלום־עליכם, ר׳ מענדעלע! טאַקע נאָר איין
גאָט האָט אייך געבראַכט אַהער פּונקט אין דער צייט, וואָס איר זענט
אונדז נייטיק, טאַקע שטאַרק נייטיק, ליבער האַרצעדיקער ר׳ מענדעלע! ר׳
מענדעלע, דאָס איז מן השמים, דאָס איז באַשיימפּערלעך טאַקע אַ נס,
ר׳ מענדעלע, ר׳ מענדעלע איר האָט געטאָן אַ גרויסע חכמה, וואָס אַצינד
גראָד זענט איר אָנגעקומען, ר׳ מענדעלע.

„די גרויסע חכמה האָט געטאָן נישט איך, מענדעלע, נאָר מיין פערדל“
— אַזוי האָב איך דענסטמאָל צו מיר אַליין געלאַכט און זיך איבערגעבעטן
אין האַרץ מיט מיין שלימזלניק, דעם פערדל געבעך. אויף דין־תורות, ווי
עס האָט גאַנץ קלאָר אויסגעזען, האָט מען מיך דאָ נישט גערופן, נאָר
וואָס דען זשע? — דאָס האָב איך נישט געקאָנט טאַקע פאַרשטיין. און
אַנדערער וואָלט זיכער געמיינט, אַז מע האָט דאָ שטאַרק אַרויסגעקוקט
אויף זיין ביידל מיט סחורה; נאָר איך אָבער בין נישט קיין מלופם־קינד
און נישט ערשט נעכטן פונעם איי אַרויסגעקראָכן, אַז איך זאָל מיך נישט
קאָנען אָנשטויסן.

איר זאָלט וויסן אַ כלל: די וועלט באַשטייט אויף אָפּנאַרעכץ. דער
וואָס באַדאַרף האָבן עפּעס אַ נייטיקע זאַך, מאַכט זיך כלומרשט געפּגרט,
אַזוי ווי די זאַך טויג אים להלוטין נישט, בכדי ער זאָל עס קאָנען קויפן
בחצי־חינם. ווען, למשל, איינער געניייטיקט זיך אין אַ מחזור, דינגט ער
כלומרשט אַ סליחה, אַ קינה, אַ פּעקל ציצית, דערווייל טוט ער אַ כאַפּ,
אויף קאַטאָוועס, דעם מחזור, גיט כלומרשט אַבי אַט אַ קוק און לייגט עס
אַוועק מיט אַ קנייטש און מיט אַ שמייכעלע: אָט פּאַר אַ קליינינקייט וואָלט
איך עס אפשר אויך געקויפט. די גאַנצע וועלט איז אַ מאַרק, איטלעכער
זוכט מציאות, איינער ביים אַנדערן אָפּצורייסן; איטלעכער וויל, יענער זאָל

פאַרלירן און ער זאָל געפינען; איטלעכער מיינט קודם־כל זיך, און ערשט דערנאָך, אַז גאָט האָט אים געהאָלפן כאַפּן אַזוי מציאות, און צו מאַכן אַ גליק, ערשט דענסטמאָל, אַז עס קריכט אים שוין פונעם האַלדז, מיינט ער — ווייטער מאַקע זיך... נישט דאָס בין איך אויסן.

איך האָב אין דעם רבס פּנים מיך אָנגעשטויסן, אַז קויפן וויל ער ביי מיר כלל נישט. זיסט וואָלט ער דאָך נישט אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אויף מיר אַרויסגעקוקט. אמת טאַקע, דער רב איז אַ העכסט אָרנטלעכער כשרער ייִד, אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן! אָבער אויף דער וועלט מוז מען דאָך נאַרן. אַפילו די מלאכים האָבן געמוזט ביי אברהם אבינו נאָכטאָן דעם סדר פון דער וועלט, ויאכלו — און זיי האָבן געטאָן טאָן גלייך ווי זיי האָבן געגעסן... נישט דאָס בין איך אויסן.

דער רב, זאָל לעבן, האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין זיין באַזונדער שטיבל, און אָנגווייזנדיק מיט דער האַנט מיך געבעטן זיצן אויף אַ בענקל אים אקעגן. דאָס בענקל האָט באַהאַלטן האָבן, ווי דער שטייגער איז ביי אַ רב, אַ צעבראָכן פיסל, און צעטראָגן בין איך דאָך דענסטמאָל פונעם גאַנצן ענין אויך געווען — דעריבער פאַרשטייט זיך, אַז וויבאַלד איך האָב אין כאַפּעניש און איילעניש מיך העררויף געזעצט, בין איך מיר געפאַלן. נאָר פונדעסטוועגן אָן סכנות, דער רב האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק און איך נישט ווייסנדיק.

צום צווייטן מאָל האָב איך מיך דערויף געזעצט שוין פאָמעלעכן, נישט געכאַפּט, גוט היטנדיק זיך די ביינער. דער רב, זאָל לעבן, האָט שווייגנדיק געריבן מיט ביידע הענט דעם שטערן, געגלעט די באָרד, עפּעס ווי ער האָט זיך שטאַרק געיִשובט. איך האָב אָסור נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס זאָל עס אַזוינס באַטייטן. איך האָב אַפילו אָנגעהויבן גאָר שטאַרק זיך וווּנדערן, וואָס זאָל דאָס באמת טאַקע באַטייטן? נאָר איך האָב מיך ווי־דער טאַקע מיישב געווען: לאָמיך נישט זיין אַזוי גייציק, איך וועל עלמער ווערן נאָך אַ ווײַלע, וועל איך דאָך שוין אַלצדינג ווייסן. כך הוה: נאָך אין אַ ווײַלע אַרום נעמט דער רב אַרויס פון דער בוזעם־קעשענע עפּעס אַ היפּש פּעקל פּאַפּירן און, אַ מאָל געבנדיק מיט די אַקסלען, זאָגט ער צו מיר מיט אַן ערנסט פּנים כהאי לישנא:

— רב מענדעלע! אָט דאָס פּעקעלע פּאַפּירן האָט מיר איבערגעגעבן פאַרן טויט יצחק־אברהם עליו־השלום, מיט אַ בקשה, אַז תיכף נאָך זיין יציאת־נשמה, זאָל איך עס איבערלייענען פאַר אַלע אונדזערע נגידים און מקיים זיין אַלצדינג, ביז אויף אַ האָר, וואָס דרינען שטייט. צוואות המת, ווי איר ווייסט, איז דאָך אַ מצווה מקיים צו זיין, לכן האָב איך באַלד נאָך דער קבורה זיינער, היינט טאַקע, פאַרבעטן צו מיר די אַלע נגידים, אליפי הקהל

אונדזערע, און האָב זיי געלייענט אַ מקצת פון די פּאַפּירן היינט, און דאָס איבעריקע האָבן מיר אָפּגעלייגט אויף מאָרגן. וואָס־זשע וויל איך פון אייך? פון אייך, רב מענדעלע, וויל איך, איר זאָלט זיך מטריח זיין מיט אייער כבוד אויך קומען צו מיר מאָרגן פרי, אם־ירצה־השם, בשעת קריאַת הפּאַפּירן. פאַרוואָס? אָט דאָס וועט איר וויסן, אם־ירצה־השם, לאַחר הקריאה. מסתמא איז רעכט. מאָרגן וועט איר שוין וויסן, אז איך האָב אייך מטריח געווען איבער אַ דבר גדול. לעת־עתה גיב איך אייך לייענען פאַר זיך אינדערהיים, ביחידות, אָט די עטלעכע בלעטלעך, וועלכע איך האָב היינט פירגעלייענט פאַר אונדזערע נגידים, כדי איר זאָלט באַקאַנט ווערן מיט דעם ענין מתחלה ועד סוף.

אַז איך בין צוריקגעקומען צום בית־המדרש, האָב איך געטראָפן מיין הונגעריק פערדל נעבעך, ווי עס שטייט מיט אויפגעשטעלטע אויערן און קוקט איןביידל אַריין. נו, חכם מיינער, זאָג איך, אַ גוט געבנדיק אים פריינדלעך ביי דער משופּרינע. קום, זאָג איך, עסן סיטשקע! לעת־עתה, חכם מיינער, ביסטו נישט קראַנק צו עסן סיטשקע. מאָרגן, אם־ירצה־השם, אַז די חכמה דיינע וועט איינגיין און איך וועל זען דעם פּועל־יוצא דערפון, זיך זען מיט אַ גראַשן, דענסטמאָל, זעסטו, האָסטו ביי מיר אַ גאַנץ מעסטל האָבער, איך געם פאַר עדות די אַלע בהמות, וואָס געכמיקן דאָ אויפן שול־הויף!...

ג

אויף איינעם פון יענע בלעטלעך, וואָס דער רב האָט מיר געגעבן, זע איך, שטייט אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות:

וידוי ליצחק אברהם.

און דערנאָך הייבט זיך אָן צו דערציילן עפּעס גאָר אַ גאַנצע מעשה, אַזוי:

איך בין געבוירן געוואָרן, דערציילט יצחק־אברהם, אין דעם שטעטל בעזליודעווֹ ביי אָרעמע עלטערן. מיין טאַטן געדענק איך נישט, וואָרעם ער איז געשטאָרבן בשעת איך בין נאָך געלעגן אין די וויקעלעך. ער האָט איבערגעלאָזט נאָכן טויט ירושה אַ שלאַפע ווייב מיט אַ היפּש ביסל קינדערלעך און מיך אַ צוגאָב. ווייטער גאָרנישט. איך הייב אָן צו געדענקען, וואָס מיט מיר האָט זיך פאַסירט, ערשט אין דעם עלטער פון אַ פינף, זעקס יאָר. ווערליק ווי איך געדענק, האָט מען מיך אין דער יוגנט, אַפּנים, נישט געהאַלטן פאַר אַ גרויסן חכם. אַז איך פלעג עפּעס זאָגן אָדער עפּעס טאָן, פלעגט מען זייער לאַכן. געבאַלעוועט האָט מען מיך כלל נישט. מען

האָט מיך נישט געקושט, נישט געגלעט, נישט געהאַלדזט, ווי אַנדערע קינ־
דער, און אז איך האָב אמאָל געוויינט, האָט מען מיך נישט איינגענומען
מיט לאַקעטקעס, מיט צוקערלעך, מיט שפּילעכלעך, נאָר מיט פּעטש
און מיט קלעפּ. דאָס וואָרט רחמנות האָב איך קיינמאָל נישט געהערט. איך
האָב נישט געהערט, אַ שטייגער, מע זאָל זאָגן: אַ רחמנות, ער האָט געבעך
נישט געגעסן; אַ רחמנות, דאָס פּנים איז אים געבעך געשוואָלן; אַ רחמנות,
ער האָט נעבעך זיך נישט אויסגערוט, ער קומט נעבעך אָפּ און וואַלגערט
זיך נעבעך; אַ רחמנות, ער ליידט געבעך קעלט, ער האָט געבעך אויף זיך
קיין לויט פלייש נישט. איך האָב געהערט נאָר זאָגן: „קוקט נאָר אָן דאָס
שיינע פּנים, די אָנגעבלאָזענע צורה, די רויטע פּיס ווי בעריקעס; קוקט
נאָר אָן דעם פרעסער, עס גייט אים שוין איבער די סליגע; זעט נאָר
דעם שיינעם נפש, ער הייבט שוין אָן זיינע אָנשטעלן — צאַפּלען, ציטערן
און קלאַפּן מיט די ציינדלעך“... אַן אָרעמאַנס אַ קינד איז אויף דער וועלט
אַן איבעריקע זאַך, אימלעכן גרוים אין די אויגן, מע ווינטשט אים געבעך
שטילערהייט דעם טויט גאָך ליגנדיק אין בויך; מע נעמט אים אויף ביי
געבוירן ווערן ווי אַן עקזעקוציע; נאָך איידער ער קוקט אָן די ליכטיקע
וועלט, איז מען אים געבעך שוין דם־שונאים. איז ער שוין דאָ, האָרעוועט
ער זיך ווי־עס־איז און דערוועקט אַפילו ביי זיינע אייגענע עלטערן נישט
קיין געפיל פון רחמנות צו זיך, סיידן ווען ער ווערט נעבעך מסוכן קראַנק,
ערשט דענסטמאָל רופט זיך אין זיי אָפּ דאָס האַרץ, דאָס מענטשלעכע
האַרץ, וואָס איז פאַרשטיינערט געוואָרן פון צרות און לייד אין דער בי־
טערער אָרעמקייט; ערשט דענסטמאָל, צעגיסן זיך אין זיי די אמתע ריינע
עלטערנס־געפילן און שטעלן זיך פאָר דאָס גאַנצע אומגליקלעכע לעבן פון
זייער בידנע קינד נעבעך, וואָס אַזאַ טייערע, כשרע נשמה איז אומשולדיק
פאַרוויסט, פאַרשוואַרצט געוואָרן נעבעך, נישט געהאַט קיין גוטע, רואיקע
שעה. זיי מאָלן זיך דאָס אַלצדינג אויס מיט שרעקלעכע פאַרבן און זייער
האַרץ שרייט, וויינט מיט בלוטיקע טרערן. אַז אַ פאַרשטיינערט האַרץ עפנט
זיך, איז דאָס נאָר אַ טייך בשעת דאָס אייז לאָזט און עס גייט די קריע —
דאָס האָב איך אין דער לעצטער צייט אַליין געפילט — עס טראָגט, קאָכט,
רוישט מיט אַ שרעקלעכער קראַפט! זייער אָפּט טאַקע באַוויינען דעריבער
אָרעמע עלטערן זייערס אַ קינד א סך שטאַרקער און רירנדיקער ווי די ווייכע
לייט...

געהאָרעוועט האָב איך זיך ווי אַ ווילד פערד אין סטעפּ — פאַר־
גרעבט, פאַרווילדעט, און האָב אין מיר געהאַט די אַלע מיאוסע קונדיים־
קע זאַכן מיט אַלע אָפּשניצלעך. אַ טבע האָב איך געהאַט קוקן יענעם אין
מויל אַריין בשעת ער האָט גערעדט, און קוקן אויך אין די אויגן. די מאַמע

מײַנע פֿלעגט מיך דערפֿאַר נישט אײן מאָל הרגענען, שלאָגן און אױסרײַסן
מיר שטיקער פֿלײש. אַמאָל, אַז איך בין עפּעס געלעגן קראַנק און די מאַמע
איז צו מיר גוט געװאָרן, האָב איך מיך שטאַרק פֿאַרקוקט איר אין די אױגן,
און אַז איך האָב געזען, אַז זי לאָזט זיך קוקן, נישט צו רעדן קײן קרום
װאָרט, האָב איך מיך נישט געקאָנט אײנהאַלטן און זי א פֿרעג געגעבן:
איך בעט דיך, מאַמע, װאָס איז עס פֿאַר אַ מענטשעלע בײַ דיר אין די
אױגן? די מאַמע האָט אַ שמײכל געטאָן און געענטפֿערט: נאַרעלע, דאָס
קלײנע מענטשעלע איז די נשמה! דאָס קלײנע מענטשעלע איז נישטאָ אין
קײנעמס אױגן, נישט אין די אױגן פֿון די חיות און בהמות, נאָר אין ייִדי=
שע אױגן.

דער מאַמעס דאָזיקער ענטפֿער איז מיר אַרײַן שטאַרק אין קאָפּ און
האָט אין מיר דערװעקט אַ סך פֿרישע צאַפּלדיקע געדאַנקען. אַז אַ מאַמע
זאָגט, מסתּמא װײסט זי דאָך, װאָס זי זאָגט, זי איז דאָך א מאַמע. א גרױ=
סע, אפֿשר צען מאָל גרעסער פֿון מיר, איר אײן פֿינגער איז גרעבער פֿון
מײַן גאַנצער האַנט. דעריבער האָב איך אָנגענומען אירע װערטער שײַן
גלײַך װי אַ געװיסע, אױסגעמאַכטע זאַך און דריגען געגלײבט פֿון גאַנצן
האַרצן.

פֿון דענסטמאָל אָן איז מײַן כּוח=המדמה שטאַרק באַשעפֿטיקט געװען
מיט דעם קלײנעם מענטשעלע. עס איז דאָך עפּעס גאָר א חידוש, א צי=
קאַװע זאַך! און שלאָף אַפֿילו האָב איך נישט פֿאַרגעסן דאָס קלײנע מענ=
טשעלע, עס האָט מיר זיך געחלומט, איך האַלט דאָס קלײנע מענטשעלע,
איך שפּיל זיך מיט דעם קלײנעם מענטשעלע, איך בין גאָר אַלײן אַ קלײן
מענטשעלע, שפּרינג אין די אױגן, װי אַ קלײן מענטשעלע! הכּלל, דאָס
קלײנע מענטשעלע איז מיר נישט אַרױס פֿונעם זינען. עס האָט מיר עפּעס
זיך אַזױ געגלוסט אױך צו זײַן א קלײן מענטשעלע. א קאָטאָװעס, אַ קלײן
מענטשעלע איז דאָך די נשמה, אינגאַנצן גרױס װי אַ פֿלױ, דאַכט זיך,
אַ גאָרנישט — און איז דאָך דאָס חיות, דאָס לעבן!... מיר איז אַרױף
אַ געדאַנק, װיאַזױ דערטאַפּט מען דאָס קלײנע מענטשעלע? און האָב אָנ=
געהױבן װעגן דעם שטאַרק צו טראַכטן.

אײנמאָל בין איך געפֿאַלן אױף אַן אײבער=הסברה. בשעת די מאַמע
האָט אײנגעבױגן דעם קאָפּ אַרױסצונעמען אַ טעפּל פֿונעם אױװן, בין איך
פּלוצעם צוגעלאָפֿן װי א פֿאַרמישטער — איך װײס אַלײן נישט, װאָס מיר
איז דענסטמאָל געשען — און האָב איר פֿון הינטן אױף גאָטס באַראָט
אַ זעץ געטאָן מיט דעם קולאַק אין דער פּאָטיליצע, כּדי דאָס מענטשעלע
זאָל איר פֿון די אױגן כאָטש אױף אַ װײַלע אַרױסשפּרינגען. איר קאָנט
אײַך משער זײַן, װיפֿיל פּעטש און קניפּ איך האָב דערפֿאַר געלײזט. אַחוץ

דעם האָב איך אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן, וואָרעם די מאַמע נעבעך האָט מיט איר שטערן צעבראָכן דאָס טעפּל קאַליש.

אַן אַנדערסט מאָל האָב איך געכאַפּט נאָך אַ גרעסערן פּסק. ס'איז אין מיר אַריין אַן אַפּיקורסישער געדאַנק, נישט צו באַגנוגן זיך מיט דעם גלויבן אין דער מאַמעס ווערטער, נאָר טאַקע אַליין צו פּרווון, מיך צו פּשעקאָנען, אויב אַ בהמה האָט אַ מענטשעלע, אַ נשמה הייסט עס, צי נישט. נו, איז מיינער צוגעגאַנגען אויף דער גאַס צו אַ קו, און בשעת איך האָב מיך גע־נומען אַריינקוקן איר אין די אויגן, האָט זי מיך דורס געווען מיט די הער־נער און שרעקלעך שטאַרק צעביילט, דער צייכן איז מיר טאַקע עד היום אויף דער לינקער באַק געבליבן. די אַלע קלעפּ האָבן נישט אַרויסגעשלאָגן, פֿאַרקערט, זיי האָבן נאָך מער אין מיר אַריינגעשלאָגן דעם געדאַנק פֿון אַ קליין מענטשעלע.

געלערנט האָב איך אין דער תלמוד־תורה. וואָס אַ תלמוד־תורה איז, ווייסט איר זייער גוט אַליין און איך פֿאַרשפּאָר עס אייך צו שילדערן. דאָס איז אַ קבר אויף צו באַגראָבן אָרעמע יידישע קינדער, צו פֿאַרשלאָגן זיי די קעפּ און אָפּצורייסן פֿון דער וועלט; דאָס איז אַ פֿאַבריק אויף צו פֿאַב־ריצירן טויגעניכטסן, ליידיקגייער, בידנע, פֿאַרוואָרלאָזטע אומגליקלעכע נפשות; דאָס איז אַ וויסטע גרוב, אַ לאָך, אַן אומריינע חורבה אויף הי־נערשע פּיסלעך, ווי געוויינטלעך ביי אונדז אין די שטעטלעך, וואָס איז אַ חרפּה, אַ בושה, זיי זאָלן טראָגן אויף זיך אַזאַ טייערן, הייליקן נאָמען... ווי מיר דאַכט זיך, בין איך נישט געווען אַ גראָב יינגל. ביי אַכט יאָר לערך, האָב איך שוין געלערנט חומש מיט חיבור, מיט אַלע אויסרעדענישן פֿון רש"י, כאָטש איך בין נאָך שטומפּיק געווען אויף דער עברי. אפֿנים, מע קאָן זיך זיין אַ למדן און פֿונדעסטוועגן פֿאָרט אַ גרויסער נאַר, אייגנס צום אַנדערן האָט נישט...

די מאַמע מיינע פּלעגט מיך רופֿן שלימזל און איז באמת טאַקע זיי־ער גערעכט געווען. אין דער תלמוד־תורה בין איך שלימזלדיקער געווען מער פֿון אַלע אַנדערע קינדער. דער רבי, וואָס פֿאַרדינט אַסור נישט אַזוי צו הייסן, האָט זייער ליב געהאַט דעם ענין פֿון שמייסן, אפֿשר נאָך מער ווי דעם ביטערן טראָפּן. ער האָט פּשוט גרויס הנאה געהאַט צו פּייניקן, גלאַט אַזוי זיך, די פֿאַרוויסטע, פֿאַרוואָגלטע קינדערלעך נעבעך, וואָס זענען אָן דעם אויך גענוג אָפּגעקומען און קוים וואָס די נשמה האָט זיך אין זייער דאַרן אויסגעדייוערטן גוף געהאַלטן. ער האָט געבראָכן די צעבראָכענע ביי־נער, געצופּט, געריסן דאָס דאַרע שטיקל לייב, און דער בעסטער חלק קלעפּ איז מיר, שלימזל, אָנגעקומען. ער האָט צום סוף אויף מיר זיך שטאַרק פֿאַרעסן מחמת אַ זאַך, מיך געהרגעט־געשלאָגן אַזוי, אַז איך בין פֿון זיינע

17

הענט קוים לעבעדיק אַרויס און געמוזט אויפהערן צו גיין אין דער תלמוד־תורה. די מעשה איז אַזוי געשען:

דער רבי האָט מיט מיר אין דער סדרה בראשית אויסגערעדט אויף דעם פּסוק „ויאמר למך לנשיו" אַזוי: למך איז געווען אַ בלינדער, תובל־קין האָט אים געפירט, און אַז ער האָט דערזען פון ווייטן זיין זיידן, קין, האָט אים זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז אַ חיה (דער רבי האָט געזאָגט אַ פוקס, בכדי דאָס בעסער מסביר צו זיין); האָט ער צו דעם בלינדן, צו למכן, געזאָגט, אַז ער זאָל צילן אויף דעם פוקס, האָט ער געצילט און אים געהרגעט. און אַז למך איז געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז גאָר קין זיין זיידע, האָט ער געפּאַטשט איין האַנט אין דער אַנדערער האַנט און ער האָט דער־ווייל זיין זון תובל־קין צעקלאַפּט אויף טויט. האָבן זיינע ווייבער דערפאַר פון אים זיך פורש געווען, דאָס טייטש אָפּגעשיידט; האָט ער זיי איבער־געבעטן, ויאמר — און ער האָט געזאָגט, לנשיו — צו זיינע ווייבער, עדה וצלה — עדה וצלה, שמען — הערט, קולי — מיין קול, נשי — ווייבער, למך — למך!...

ויהי היום איז מיטאַמאָל געקומען אין תלמוד־תורה עפּעס אַ דייטש, אַ געגאָלטער, דאַכט זיך, אַזש פון פּעטערבורג. מיט אים זענען געקומען אַלע גבאים פאַרהערן די קינדער. צום שלימזל באַהאַרף ער מיר גראָד הייסן פאַרטייטשן אַ שטיקל חומש און נאָך דעם גוטן פּסוק „ויאמר למך לנשיו!" ווען האָב איך דען גערעדט מיט אַ מענטשן און בפרט נאָך מיט אַ דייטש, אַ גלוח? איך האָב געפּלאָנטערט, געציטערט אַזוי ווי אַ פיש אין וואַסער. עס האָט מיר געדרוישט אין די אויערן, געקלאַפּט אין האַרץ, די האָר האָבן מיר זיך געשטעלט קאַפּויר, און אין די אויגן איז מיר געוואָרן פינצטער און ליכטיק צוגלייך, אקוראט ווי בשעת מע קוקט אין דער זון אַריין. איך האָב געפילט, אַז איך וועל נישט אין שטאַנד זיין אויסצודערציילן אַזאַ גרויסע, לאַנגע מעשה מיט למכן, און דאָ שטייט מען איבערן האַלדז, איין קול: זאָג, זאָג! — וואָס זאָל איך טאָן, מע מוז זאָגן. עס האָט מיר פאַרנומען דעם אָטעם, איך בין אַרויס מיט דער שפּראַכע, מיד שטאַרק פאַרבאַלעמוטעט און אַנידערגעלייגט, מישטייגס געזאָגט, אַ מין טייטש:

„ויאמר — אַ פוקס, למך — אַ בלינדער, לנשיו — האָבן די ווייבער פון אים זיך אָפּגעשייהט, תובל־קין האָט אים געפירט, עדה, עדה וצלה — און ער האָט אים געהרגעט".

דער דייטש איז געבליבן שטיין, ווי מע קאָכט אייגעם אָפּ מיט אָק־רעפּ, איז אָקאָרשט פון דער הויט נישט אַרויסגעשפּרונגען פאַר כעס. ער האָט צוגערופן דעם רבין און מיט אַ בייזער אים געזאָגט: „האַ, וואָס הער איך? ווי זאָ לערנען זי אירע תלמידים?! שאַנדע און שפּאָט! שעמען זי זיך,

הער רבי!"... דער רבי האָט זיך געקראַצט, קאַלופּעט די נאָז און געטאַ־
לעפּעטשעט מיט דער צונג: „מיין האַרענקע, דער קנאַב האָט זיך פאַר־
שראָקן, דער קנאַב זוי אַ גוטשקער ייִנגל אויף נאמנות!" „נו — האָט דער
דייטש געזאָגט צו מיר — פּירכטע ניכט, מיין קינד, עס ווירד דיר ניכטס
געשען. זאָגע מיר — ויאמר, וואָס טייטש ויאמר?" — איך אָבער האָב שוין
נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר טוט זיך, האָב אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן
ווי אַ ליימענער גולם און אַ זאָג געטאָן דעם דייטש גלייך אין פּנים: „פּוקס!...
מיין איך ויאמר, ער האָט זיך געבעטן צו די ווייבער"... דער רבי נעבעך
איז געשטאַנען, ווי אין געהאַקטע ווונדן, און זיך שיעור נישט באַגראָבן
אין דער ערד פאַר גרויסן בזיון. ער האָט געלייזט פאַר דאָס זייניקע וויפל
אין אים איז אַריין און געהאַט אַ וויסטן, פינצטערן טאָג. זיין שווער ביטער
האַרץ האָט ער דערנאָך צו מיר אויסגעלאָזן. פון יענער צייט אָן פלעגט
ער תמיד צו מיר זיך טשעפּען און מיך שלאָגן, ממיתן אויף וואָס די וועלט
שטייט, ביזוואַנען מיר איז שוין אוממעגלעך געווען אויסצוהאַלטן. איך בין
פאַרשלאַפט געוואָרן און אויפגעהערט צו גיין אין דער תלמוד תורה.

ד

די מאַמע מיינע האָט געלעבט אין דחקות און נישט געהאַט פּשוט
מיט וואָס א טאָג איבערצוקומען. זי פלעגט ארבעטן זאָכן, פליקן פעדערן,
זיך שטעלן אַמאָל פאר א וואַרטערין ביי א קימפּעטאָרין, און אונטער א פּסח
וואַלגערן מצה. זי פלעגט טאָג ווי נאכט נעבעך ארבעטן, טאָן, און פון איר
גאַנצער ארבעט קוים געהאַט וואסער אויף קאַשע. ווייבערשע מלאכות האָבן
אין דער וועלט נישט קיין ווערט און ווערן זייער ווייניק באַלוינט. וואָרעם
וואָס זענען דען ווייבער איבגאַנצן? וואָס פאר א פּנים, וואָס פאר א ווערט
האָט, מישטיינס געזאָגט, די גאַנצע ייִדענע, אז זי איז שוין אפילו א בריה?
פון ווייבער, אַזוי איז ביים עולם שוין איינגערעדט, קאָן קיינמאָל קיין גוטס
נישט ארויסקומען, זייערע אלע מלאכות האָבן קיין שום ממשות. עפּעס
רעכטס אין תוך אריין, גוט אי נוצלעך, איז נישט פארן ווייבערשן מוח...
פונעם טאַטנס ירושה איז געוואָרן א גוטער סך־הכל: צוויי מיידלעך
מיט א ייִנגל זענען געשטאָרבן, מע קאָן טאקע זאָגן, פּשוט פאר הונגער,
איין גרויסער בחור האָט ערגעץ זיך אַוועקגעשלעפּט און איז פאַרפאַלן גע־
וואָרן ביז אויף היינטיקן טאָג, מע ווייסט עד־היום נישט, ווו זיין געביין איז
הינגעקומען. לעבן דער מאַמען איז געבליבן אַ קראַנק, שלאַף מיידל, אינ־
גאַנצן אַ צעבראָכענער שאַרבן, און איך, שלימזל, וואָס איך בין איר געזעסן
אויפן האַלדז. אַן אַפּעטיט האָב איך געהאַט אָן עין־הרע זייער אַ גוטן, דאָס

ביסל עסן, וואָס איך פלעג אַלץ פון אירם נעבעך אָוועקנעמען, האָט מיר נישט געקלעקט אויף א צאָן. איך פלעג אַלץ בעטן עסן, עסן! כאָטש וואָס־וואָס איז, אַבי עסן! די מאַמע נעבעך האָט געליטן און נישט געוווסט, וואָס מיט מיר צו טאָן. לויט פלעגן זי ראַטן, מיך אָוועקצוגעבן עפעס צו אַ באַלמע־לאָכע, נאָר זי פלעגט פאַרוואַרפן מיטן קאָפּ און דערביי רעדן מיט האַרץ:

— א—א, די כפרה בעסער זאָל ער ווערן איידער אָפּצוגעבן אים צו אַ באַלמעלאָכע, צו פאַרשוואַרצן מיר דאָס פנים און דאָס פנים פון זיין טאַטן עליו־השלום!... ער, דער טאַטע זיינער, וועט דאָך דאָרט נישט קאָנען רואיק ליגן אין קבר. סטייטש, רב מעוול דעם מלמדס אַ זון זאָל זיין אַ באַל־מעלאָכע, איינגעקויפט אין דער חברה פ״ץ! ס'איז דאָך נאָר אַ ווייטעק אַזוינס צו הערן. אָ, נישט דערלעבן, נישט דערהאַרן, רבונו־של־עולם, זאָלן עס מיינע שונאים.

גאָט האָט צום סוף דער מאַמען געהאָלפן מיך אַריינצוגעבן אין אַ קלייט פון צעלניק. זי איז געווען איבערגליקלעך און האָט געמיינט, איר זון איז שוין אַ סוחר.

נאָר איר זון אָבער איז גאָר געוואָרן אַ הונט! איך וועל עס אייך באַלד טאַקע מפורש זיין.

מיין עובדה איז געווען אָנצוכאַפּן איטלעכן, וואָס איז דורכגעגאַנגען, מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ געשריי און שלעפּן אים אין קלייט אַריין. אין עמעצער פאַרבייגעגאַנגען אויף דער גאַס, פלעגט מען מיך אָנרייצן, אַזוי ווי אַ הונט, און איך האָב באַדאַרפט אַרויסלויפן, שרייען אין איין אָטעם:

— אַהער, פּאַניע! וועבעלנע טיכלער, ליינוואַנט, שלייקעס, מעסערלעך, קאַלאָשן אַמעריקאַנישע, ים־שוימענע שטעקלער, מאַנדל־זייף, פּאָמאַדע!

— וכדומה נאָך אַזעלכע זאַכן.

תחילת איז מיר דאָס געווען אַביסל פריקרע: ווי גייט מען עס גלאַט אַרויס שרייען אויף דער גאַס און פאַרשטעלן יעגעם דעם וועג, ס'איז דאָך עפעס משונה ווילד! איך פלעג אַביסל אונטערפאַלשעווען, מאַכן די שפּיל בקיצור און אַריינברענגען דאַדורך אין כעס מיין באַלעבאָס מיט דער באַלע־באָסטע, וואָס פלעגן מיך זידלען, אויסמישן גלייך מיט דער בלאָטע און אויפוואַרפן מיר, אַז איך פרעס אומזיסט זייער זאַלץ און ברויט, כאָטש איך נעבעך האָב געהאָרעוועט, געאַרבעט איבער מיינע כוחות און געטאָן אַלערהאַנד מלאכות אין קלייט און אין שטוב. דערצו נאָך בין איך געווען אַ משרת ביי די עלטערע משרתים, פלעג זיי פּאָלגן אין פייער, אין וואַסער אַריין, קריכן זיי אונטער די נעגל און בין נאָך זייער גערן געווען, אז איך האָב דערביי פון זיי נישט געכאַפּט קיין פּסק און טרוקן פון זייערע הענט אַרויס. ווער שמועסט, ווען אַ משרתל פון דער אַנדערער קלייט פלעגט

אַמאָל אַרויסרייסן אַ קונה ביי מיר פון די הענט, דאָ האָב איך שוין גע־
מעגט זיך געזעגענען מיט דעם לעבן. אלע ביי אונדז אין קלייט זענען אויף
מיר אַרויף, דער מיט דער צונג, דער אַנדערער מיט דער האַנט און מע האָט
מיר געגעבן וויפל אין מיר איז אַריין. מיין מאַמע און דער טאַטע, ר׳ טעוול
דער מלמד, עליו־השלום, האָבן דענסטמאָל אויך גוט געלייזט, מע האָט
זיי חלילה נישט פאַרגעסן, געגעבן אי אין דער מאַמען, אי אין דעם טאַטן
אַריין, העט־העט ביז אברהם אבינו!

פון עסן אין אַזאַ ביטערן שווערן טאָג איז גאָר קיין רעדע נישט געווען,
איך האָב געפאַסט, נישט טועם־טעם געווען. מע האָט מיר אפילו מתיר גע־
מאַכט עסן ווערעם, קרענק. נאָר אַזוי ווי עסן ווערעם, קרענק איז נישט פאַר
קיין מענטשלעכן מאָגן, האָב איך פאַרבראַכט דעם טאָג פשוט אין אַ תענית.
און אַזעלכע תעניתים פלעגן מיר אָפט זיך מאַכן אַ פאָר מאָל אין וואָך.

אַז איך האָב אַ קוק געטאָן, ס׳איז שלעכט, האָב איך אַ געם געגעבן
זיך צו מיין זאַך בשלימות. ווייבאַלד אַז עמעצער, וואָס האַלט זיך נאָר אַז ער
איז אַ קונה, האָט זיך אַ וויַיז געגעבן פונדערווייטנס, אַז מיינער האָט ווי אַן
אָפגעריסענער הינט פון דער קייט געשווינד אַקעגן אים זיך אַ לאָז געטאָן,
פאַרשריגן אים דעם קאָפּ מיט דעם גאַנצן צעטל סחורות, אים פאַרלאָפן
דעם וועג און געשלעפּט פאַר די פּאָלעס. איך פלעג אפילו אַמאָל פון אַזעלכן
באַקומען אַ קלאַפּ אָדער אַ שפּיי אין פּנים, נאָר איך אָבער פלעג מיר טאַקע
טאָן דאָס מייניקע, גלייך ווי מיר איז גאָרנישט געשען. מיט דער צייט
האָב איך דרינען מיך אַזוי איינגעוויינט, אַז דאָס שרייען איז ביי מיר גע־
ווען אַ חדווה, אַ פרייד. איך פלעג זייער הנאה האָבן, ווען עס פלעגט מיר
זיך מאַכן אַריינדערטאַפּן עפּעס אַ פריץ, אים פאַרדולן דעם קאָפּ און
צווישן דעם צעטל מיני צעלניק־סחורה אים אויך רעכענען מיט אַ גע־
שריי: מאָזשע פּאַניע פּאַריזעשסקי האַרצווייטעק מיינע אויף דיין קאָפּ!
פּאָמאַדאַ, מכות, צרעת דיר, פּאַניע!

דער דאָזיקער ענין המסחר מיינער אויף דער גאַס פלעגט מיר אָפט
ברענגען אין אַ סיכסוך מיט משרתים פון אַנדערע קלייטן, וואָס פלעגן
אויך אָנכאַפּן קונים און שרייען. מיר האָבן זיך געריסן אינדרויסן, אַקו־
ראַט ווי אונדזערע באַלעבאַטים האָבן זיך געריסן צווישן זיך אינעווייניק
אין די קלייטן איבערן לייזעכץ, נישט מער נאָר מיט דעם חילוק: ביי זיי
האָט מען געוואָרפן מקחים, אַראָפּגעלאָזן די פרייזן, און ביי אונדז, משרתים,
האָט מען געוואָרפן קלעפּ, אַראָפּגעלאָזן פּעטש. און אַזוי ווי איך בין גע־
ווען דער קלענסטער, דער שלאַפסטער, איז פאַררעכנט געווען אַ מצווה, די
אַלע בעסטע קלעפּ מיט די הייסע פייערדיקע פּעטש, על פּי מענטשלעכקייט,
מיר איינעם צוצולאָזן. אַזעלכע מתנות אָבער זענען מיר נישט וויל באַקו־

מען, און פון אַזעלכע מצוות על פי מענטשלעכקייט בין איך אויס מענטש געוואָרן. הגם צו אַזעלכע מיני מסחרים איז אַ מענטש נישט אַזוי שטאַרק נייטיק, אָן דעם קאָן מען אויך זיין א „מענטש“, א משרת הייסט עס, נאָר כוח, געזונט אָבער באַדאַרף מען דאָך טאַקע האָבן, און איך בין געוואָרן, פשוט איז פשוט, אויס מענטש, דאָס הייסט אָן כוח, אָן קראַפט, קוים וואָס איך האָב מיר געהאַלטן אויף די פיס. אַ קאַטאָוועס, וואָס איך בין נעבעך אויסגעשטאַנען! אין שטוב האָב איך באַדאַרפט טאָן, העלפן אין באַלעבאַטישקייט, אין קלייט האָב איך באַדאַרפט אַרבעטן, ראָמען, קערן, איטלעכן באַדינען, איטלעכן צופרידנשטעלן. און עסן פלעג איך יסורים, קלעפ האָב איך געלייזט פון פרעמדע אי פון אייגענע. דער גרויסער משרת אין קלייט פלעגט מיר נאָך מער פון אַלע טאָן צום טויט. אים איז עפּעס נישט געפעלן געווען, וואָס איך נעכטיק אין דער קיך, וווהין ער פלעגט זיך שטילערהייט אַריינכאַפּן. ער פלעגט זיך אַלץ זוכן צו מיר, ווי מיך פון דאָרט משלח צו זיין און בכלל מיינער פטור צו ווערן. איך בין אים געווען עפּעס ווי א דאָרן אין די אויגן. פונדעסטוועגן וואָלט איך עס אפשר אַלצ־דינג איבערגעטראָגן, ווען עס זאָל נישט געווען זיך מאַכן די מעשה מיט אַ קנעפּל.

איך האָב אַמאָל דערזען אין קלייט, וואַלגערנדיק זיך אַ מוטערפּערלען קנעפּל, וואָס האָט געפינקלט, געלויכטן מיט אַלערליי קאָלירן און פאַר־שיינט די אויגן אַזוי, אַז איך האָב באַקומען צו אים אַ גרויסן יצר־הרע. דער־ביי איז מיר אַרויף אויפן זינען מיין קראַנקע שוועסטער. איך וועל איר עס געבן אַ מתנה, זי וועט אַ שבת, אַ יום־טוב, דערמיט זיך אויספּוצן און זיך באַרימען פאַר אירע חברטעס. דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיר נאָך אונ־טערגעגעבן חשק. אַז איך האָב גענומען דאָס קנעפּל און אַריינגעלייגט עס אין קעשענע, איז דער גרויסער משרת, וואָס האָט עס אַלצדינג פונדער־ווייטנס צוגעזען, באַלד צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ געשריי: „אַזוי, שייגעץ, גנב איינער, דו לייגסט אין קעשענע? זעט איר, באַלעבאָסטע, — האָט ער געזאָגט — יענע זאַכן, וואָס האָבן געפעלט, איז אויך זיין מלאכה!“ דאָס האָט ער שוין געזאָגט בכיוון, כדי אַרויפצוואַרפן אויף מיר זיינע אייגענע חטאים, אַפנים, און איך געדענק ווי פון שלאָף, אַז ער פלעגט אַמאָל טאַקע אונטערריקן דער דינסט קליינִיקייטן...

קורץ, זי האָט מיר געמאַכט א וויסטן פינצטערן סוף, גוט אויסגע־פּאַטשט און אַרויסגעטריבן.

# ה

די מאַמע האָט מיך ווידער באַקומען צו זיך צו גאַסט אין אַ גוטער, מזלדיקער שעה! איך זאָג נישט אומזיסט „אין אַ מזלדיקער שעה“, וואָרעם יענע צייט גראָד איז געווען די צייט, וואָס זי האָט ערגעץ ביי אַ בעקער געוועלגערט מצה, און דורך איר חשיבות איז איר געראָטן, אויסצואַרבעטן דאָרט פאַר מיר א התמנות פון א גיסער, דאָס הייסט אונטערצוגיסן וואַסער מיט אַ פסחדיק קריגל דער קנעטעריז, וואָס דענסטמאָל האָט עס ביי מיר אַזוי פיל פאַרנומען ווי די גרויסע שטעלע פון אַ שר-המשקים. איך האָב מיך מיט דער שטעלע ביי זיך אין האַרץ מייחס געווען און געקוקט אויף זיך עפּעס מיט דרך-ארץ, ווי אויף א מענטשן, וואָס מע באַדאַרף צו אים אָנקומען און זיין הילף איז שטאַרק נייטיק.

אין דער ערשטער צייט איז מיר אַפילו אָנגעקומען שווערלעך צוצוטרעפן אַקוראַט די מאָס וואַסער, און עס זענען דורך מיר חמצדיק געוואָרן עטלעכע מיירעס און מע האָט מיר הערפאַר מיאוס אָנגעריבן א נאָז, גאָר דערנאָך איז עס ביי מיר געגאַנגען ווי אַ פוטער. איך האָב מיך געהאַלטן ביי זיך פאַר איין גיסער אין דער וועלט, אַפילו אין פאַריז קאָן שוין קיין בעסערער פון מיר נישט זיין. צווישן די מענטשן, וואָס האָבן ביים בעקער זיך איבערגעוואָרפן מצה באַקן, איז געווען אויך איינער אַ דרדקי-מלמד. ער איז געווען מיט מיין גיסן זייער צופרידן און מיך אַפילו א קניפ געטאָן אין בעקעלע. די מאַמע מיינע האָט מיט דעם מלמד עפּעס אַליץ גערעדט, גערעדט, דערנאָך האָט זי מיך צוגערופן און געזאָגט:

— זעסטו, יצחק-אברהמצע, רב עזריאל נעמט דיך צו, ביי זיך אין חדר, פאַר אַ באַהעלפערל! — דערביי האָט זי געמאַכט צו דעם מלמד: — איך חידוש מיך מער נישט, רב עזריאל, וויאַזוי דאָס איז מיר ביז אַצינד נישט ארויף אויפן מוח! זיין טאַטע, עליו-השלום, ווי איר ווייסט, איז געווען אַ מלמד, זאָל דער זון זיינער, אים צו לאַנגע יאָר, אויך זיין אַ מלמד, נאָר אויך די אייגענע מעשה טאַקע, זאָלט איר מיר געזונט זיין, אַז דער מוח, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין יידן געדאַכט, ליגט מיר, שונא-ציון, אין דער ערד. איר האָט דאָך מיינעם, אייך אויף צו לאַנגע יאָר, געקענט. אויך די אייגענע מעשה, מסתמא איז דאָך אַזוי אָנגעשריבן געוואָרן, דער זון זאָל או ך בלייבן ביים טייטל. אז זיין ליבן נאָמען איז ניחא, איז מיר אויך ניחא. גימערערגער, זאָל זיין מיטן טייטל...

ס'איז אָבער נישט געווען, ווי די מאמע האָט געזאָגט, מיטן טייטל, ס'איז גאָר געווען מיט דער וויג, מיט דער ציג ובדומה מיט אזעלכע זאכן! רב עזריאל מלמדס ווייב האָט מיך גענומען אין אירע הענט אַריין, מיט

מיר געשמאַק געקנעלט און מיך מכבד געווען מיט אַלערליי מלאכות. איך בין ביי איר געווען א פאַרשטעקל, אַ קאָרעק, מיט וועלכן זי האָט פאַר־שטאָפּט אַלע לעכער. אַלע טאָג איינדערפרי האָב איך באַהאַפט, ווי א ייד פאַרפעלט נישט דאַווענען, אָפּפירן די ציג אין דער טשערעדע. זעלטן־זעלטן אַז ר׳ עזריאל פלעגט זי, די ציג הייסט עס, מיט זיין כבוד אַליין פירן פאַר די הערנער און איך פלעג זי מיט אַ ריטל פון הינטן אָנטרייבן. אָפּגעפאַר־טיקט זיך מיט דער ציג, איז געגאַנגען אַ סדרה פון אָנטראָגן האָלץ, צו־נויפקלייבן אין הויף, אויפן מיסט, דאַרע שפּענדלעך, אויסגיסן די פּאָמייני־צע, אויסקערן די שטוב און האַלטן אויף די הענט דאָס קליינע קינד מיט אַ נאָס פאַרקאַטשעט העמדל, וואָס האָט געוויינט, זיך געריסן נאָך דער ברוסט, געצאַפּלט מיט הענטלעך אי מיט פיסלעך, זיך פאַרגאַנגען, פאַר־קייכט און, מחילה, געפייפט מיטן נעזל. איך האָב עס באַראַפט איינגע־מען, אויסטראַכטן שפּילעכלעך, בלאָזן אין קולאַק ווי אויף אַ טרומייט, קנאַקן מיט דער צונג, מאַכן „סאָראָקע־וואָראָנע און זינגען „פּי־פּי־פּי“, „ציגעלע־מיגעלע“ און נאָך אַנדערע קינדערשע לידלעך. חלילה אָפּצושטעלן זיך א רגע! די רביצין האָט געעפנט א פּיסק און אויסגעגאָסן אויף מיר אַ תוכחה, האַלטנדיק די קאָטשערע, נאָר אויף צו פּלעטן מיר דעם מוח.

איבערגעקומען בשלום אָט די דאָזיקע מלאכה, בין איך געלאָפן צו־נויפנעמען די קינדער אין חדר אַריין. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן גאָר אַ ניי קאַפּיטל — דער „מודה אַני“ מיט אַלע תרי״ג באַהעלפערישע מלאכות: פּוצן שטיוועלעך, שיכלעך, ארויסנעמען נאַסע ייגגלעך פון אונטער די אי־בערבעטן, אויסזוכן זיי דאָס אָנטאָן, פאַרשפּיליען שפּענצערס, אָפּרייסן שלומפּערס, אָפּבלאָזן פעדערן פון יאַרמעלקעלעך, אָפּווישן נעזלעך, שלעפּן מיט געוואַלד פון דער שטוב און אַרויסשטופּן אינדרויסן... אָט אַזוי בין איך געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, ביז איך האָב צונויפגעזאַמלט די גאַנצע קאָמאַנדע.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער משונה ווילדער מאַרש, וואָס מע האָט אים געמעגט אויף חידושים אָנקוקן. פאָרויס און הינטער מיר לויפן, שפּרינגען, קריכן ייִנגלעך אין דער „פאָלנער פאָרמע“, מיט אַרויסגעשטעק־טע העמדלעך הינטן פונעם שפּענצער. דער גייט טרויעריק מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ, ווי צו דער שחיטה, יענער האַלט אַ שטיק ברויט מיט אַן איי און עסט; איינער מאַכט קוקוריקו! און דער אַנדערער — ציגעלע מע־מע־מע! איך אַליין גיי האָפּערדיק אינדערמיט, אָנגעלאָדן אין די קעשענעס, אין דעם בוזעם, אין אַ קוישל אויפן אָרעם פּלעצלעך מיט פּוטער, ברויט באַשמירט מיט שמאַלץ, רעפטלעך ברויט מיט אַ ווײדל פון אַ הערינג, מיט טעפּלעך קאַשקע, זויערמילך, קעז, ציבעלעס, קנאָבל און שאַר־ירקות, און פיר

פוןביידע זייטן ביי די הענטלעך אַ האַלב טוץ ייִנגלעך. אַ טייל ייִנגלעך
בליפּען, שמאָרען מיט דער נאָז, אַ טייל שפּאַרן זיך איין און ווילן נישט
גיין, אַ טייל פאַרדרייען דעם קאָפּ אַהינטער, וויינען, שרייען „מאַמע, מאַ=
מע!“ הויך אויפן קול איבער דער גאַנצער גאַס...

אָנקומענדיק אין חדר, האָט דער רבי מיט דעם עלטערן באַהעלפער
איבערגענומען דעם גאַנצן עטאַפּ קליינע אַרעסטאַנטלעך, און זיך גענומען
צום שמייסן. איך האָב באַדאַרפט דערלאַנגען ריטער און האַלטן פאַר די
פיסלעך, אָפּגעשפּיליעט און געלייגט אויפן בענקל, האָט דער רבי מיט זיין
כבוד אַליין. אַז די אָפּגעשמיסענע קינדער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שפּילן
אויפן בערגל מיסט אינדרויסן, האָב איך מיך געזעצט אָפּרוען — וויגן
דאָס קינד, רבי עזריאל דעם מלמדס קדיש, זינגען אים דערביי „אונטער
בייקעלעס וויגעלע שטייט אַ ווייס קלאָר ציגעלע“, אָדער אויפפּלאָנטערן
אַמאָל אַ מאָטעק פאָדעם, גיין אויפזוכן די הינער, שרייען „אַ=קיש!“ און
טרייבן דעם האָן מיט זיין פּעקל ווייבער, די לעפּטשיכעס, אַראָפּ פונעם
בוידעם אי פונעם דאַך. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך מיך איינגע=
שפּאַנט גיין ברענגען די ייִנגלעך וואַרמעס אין חדר אַריין, און אַזוי האָב
איך מיך געדרייט אַהין=אַהער, אָנגעטופּעט ביז פאַרנאַכט.

פאַרנאַכט איז געקומען די צייט אָפּצופירן די קאָפּטע קינדער אַהיים.
מיינע צאָן=קדשים זענען לוסטיק געלאָפן, געשפּרונגען, דער מיט אַן אונ=
טערגעשלאָגן אויג, יענער מיט בלויע צייכנס אויף דער באַק, איינעם האָט
געפלאַמט אַן אויער, דעם אַנדערן איז אַ ביסל אויסגעצופּט געווען אַ פּאה,
קיינער אָבער האָט פאַר שמחה דערוויס זיך גאָרנישט געמאַכט. אַלע האָבן
געשטיפט, געאיילט, געיאָגט לעבעדיק=פריילעך. אין דער צייט איז אויך די
מישערעדע קי צוריקגעגאַנגען פונעם פעלד מיט די פאַרשיימטע ציגן פאַרויס.
איך האָב אָפּגעלאָזן מיינע צאָן=קדשים און געגאַנגען מקבל פּנים זיין ר'
עזריאל דעם מלמדס ציג, האָב זי אַ כאַפּ געטאָן ביי די הערנער און אָפּ=
געפירט אַהיים אין איר רו אַריין. דערמיט האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן פון
אַ גרויסער מיאוסער עבירה — שפּריגנען ערגעץ אין אַ פרעמדן גאָרטן
אַריין — און מיר האָב איך פאַרשפּאָרט אַ קאָפּדרייעניש זי צו זוכן, ווי
עס פלעגט זיך מאַכן אַמאָל, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מכוח מיין עסן איז דער מדובר געווען אַזוי: ר' עזריאל האָט מיר צו=
געזאָגט קעסט ביי זיינע באַלעבאַטים, ביי איינעם אַכט טעג, ביים אַנדערן
צוויי וואָכן, אָדער אַ חודש, ווי עס האָט זיך געלאָזט. נאָר באמת בין איך
געווען אויף קעסט נישט ביי די באַלעבאַטים, נאָר וואָס דען? — ביי זייע=
רע קעכינס, וואָס האָבן געהאַט אַ מנהג נישט צו האַלטן ר' עזריאלס
התחייבות און מיך לאָזן פּשוט הונגערן, און וואָס דאָס האָבן זיי זייער אָפּט

טאַקע געטאָן. איך ווידער פון מיין זייט, הגם אין מיינע תנאים איז נישט געשטאַנען צו טאָן דאָרט עפּעס אַ מלאכה, פונדעסטוועגן האָב איך פאָרט נישט געקאָנט אַזוי גראָב זיין אָפּצוזאָגן זיך, ווען מע האָט מיך מכבד געווען מיט אַרבעט. איך פלעג רייבן כריין, שאַרפן מעסערס, שיערן, ריי־ניקן די שבתדיקע מעשענע לייכטער, גיין צום שוחט קוילען עופות, לויפן אין דער דינסטס שליחות אין קלייטל נאָך פעפער, נאָך אינגבער מיט צימע־רינג צום קוגל, וכדומה נאָך זאַכן אין דעם באַלעבאַטישקייט.

ס'איז געווען אַרום תשעה־באב־צייט. איך האָב מיך שטאַרק מכ"ן געווען, אָנגעגרייט כלי־זין — הילצערנע שווערדלעך פאַר מיינע יינגלעך, אָפּ־געפאַרבט זיי, די שווערדלעך הייסט עס, מיט שוואַרצע יאַגעדעס און מיט אַנדערע מיתה־משונה־פאַרבן און געהאָפט דערפון צו האָבן אַ שיינעם גראָשן. נאָר פלוצעם האָט אויף מיר זיך אָנגערוקט אַ כמאַרע און צעשטערט מיינע האָפענונגען. ר' עזריאל האָט אין יענער צייט באַדאַרפט גראָד שלאָגן טויט־שלעק עפּעס איינעם אַ נגידס אַ יינגל, אַ בן־יחידל, וואָס איז געווען שטאַרק צימעריק ביי די עלטרן: דאָס יינגל איז פאַרשלאַפט געוואָרן און געלעגן קראַנק אין בעט. די מאַמע מיט דעם טאַטן האָבן געליאַרעמט, געשריגן און געזאָגט: זיי מוזן דעם ר' עזריאלן גוט אָנלערנען און צונעמען ביי אים דעם גאַנצן חדר. רב עזריאל האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן, געזוכט אַ וועג ווי זיך צו רייניקן, און אַרויפגעלייגט די גאַנצע שולד אויף מיר. דאָס איז, — האָט ער זיך פאַרענטפערט, — דעם באַהעלפערס מלאכה. ער איז, — האָט ער געזאָגט אויף מיר, — אַ גרויסער שייגעץ. אַ ווילדער עכבראָש! דאָס יינגעלע פון זיין זייט האָט געשוויגן, שטאַרק מורא געהאַט, ווי געוויינטלעך, אויסצוזאָגן פונעם חדר. עס איז אָנגענומען געוואָרן, אַז איך בין שולדיק, און ביי ביידע צדדים איז געבליבן מיך גוט אויסצופאַטשן און אַרויסצוטרייבן פונעם חדר. איך בין געוואָרן דאָס כפרה־הינדל און מע האָט מיט מיר, שלימזל, טאַקע באַלד געשלאָגן כפרות!

ו

— טאַ! — האָט די מאַמע מיינע זיך אָנגערופן אין אַ שמועס מיט עפּעס אַ יידענע, און בשעת מעשה געקוקט אויף מיר — אויך די אייגענע מעשה, ווי זאָגט מען עפּעס, אסתר, אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. איך האָב פון מיין זייט יוצא געווען, זיך געלייגט, ווי מע זאָגט עפּעס, זאָלט איר מיר געזונט זיין, אין דער לענג און אין דער ברייט, נישט צו פאַרשוואַרצן מיינעם דאָרט אין קבר דאָס פּנים, נאָר גיי צעריים זיך, שונאי־ציון, אַז עס פאַלט אַלץ מיט דער פוטער אַראָפּ. איך האָב אים, אַזוי ווי איר קוקט

אים אָנעט, אסתר, שוין געשטעלט אויף עטלעכע ערטער. ער האָט געקאָנט
דאָרט ווערן אַ לייט, מאַקע וואָס לייט הייסט, אַז גאָט און לייט וואָלטן
מיר מקנא געווען. גאָר גיי צעריים זיך, אסתר, נעם כאַטש דאָ איינעט
אַ מיתה=משונה און ווער די כפּרה, אַז עס קומט גאָר אוס, דיר אויף צע=
זעצעניש, שונאי=ציון, פּונקט בויבעריק! אויך די אייגענע מעשה, ווי זאָגט
מען עפּעס, אַז דאָס שלימזל לאָזט נישט אָפּ אַ מענטשן, מוז מען אָנבייגן
דעם קאָפּ. אַז מע קאָן נישט אריבער, זאָגט דער עולם א ווערטל, מוז מען
אַרונטער. יאַק נימאַ ריבאַ טאָ אי ראַק ריבאַ, זאָגט אַפילו אויך דער פּויער
להבדיל. איר זענט דאָך א ווילקענטווודיקע, אסתר, טאַ! צו א באַלמעלאָכע,
לאָז זיין צו אַ באַלמעלאָכע. מסתמא איז דאָך אויבן אַזוי אָנגעהתמעט גע=
וואָרן, אַז טעוול דעם מלמדס זון זאָל זיין א באַלמעלאָכע, וויי און ווינד
איז מיר! אויך די אייגענע מעשה, מה אנו מה חיינו, גיי פרעג דעם רבונו=
של=עולם קשיות!

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַריינגעטרעטן פאַר אַ לערגיינגל צו
לייזער דעם שניידער.

לייזער דער שניידער איז געווען אַ קליין דאַר יידל מיט אַ בלייך
פּנימל, זייער ספּריטנע, אַ רירעוודיקס, ווי קוועקזילבער, מיט אַלע שניי=
דערשע פּאַסטעמיקעס — א פּאלגע מיט די ביינער. מע האָט אים געקאָנט
רופן אי אַ ווייבערשער, אי אַ מאַנסקער שניידער, אָדער, נאָך גלייכער,
נישט קיין ווייבערשער, נישט קיין מאַנסקער, ווייל ער האָט זיך אונטערגע=
נומען נייען אי ווייבערשע, אי מענישע קליידער, אַלצדינג אין דער וועלט,
אַפילו אַ היטל אויך, און האָט קיין זאַך נישט רעכט געקענט. אינטער
זיינע הענט פלעגט אַ יופּע מגולגל ווערן אין אַ שלאָף=ראָק, אַ שלאָף=
ראָק אין א קאַפּאָטע, א קאַפּאָטע אין א קליידל און א קליידל אין א קינ=
דערש לייבל. דערצו איז ער געווען אַ בריה. עס האָט ביי אים אויסגעגעבן
תמיד מאַטעריע אקוראַט וויפל מע באַדאַרף, און אים איז נאָך אויך אי=
בערגעבליבן אַ היפּשער שטיק יתור. אונטער אַן אָסיען, די רעכטע צייט ווען
ביי יידן אין דער פּאַמיליע הייבן אָן קליידער איבערגעניצעוועט און מגולגל
ווערן פון איין מלבוש אין דעם אַנדערן, דענסטמאָל איז ער געווען פאַר=
וואָרפן מיט אַרבעט.

לייזער האָט פון זיך הנאה געהאַט און זיך געהאַלטן פאַר דעם בעסטן
שניידער, ווען נישט אין דער גאַנצער וועלט, על כל פנים פאַר דעם בעסטן
אין בעלוויזשעוו, ווייל ער האָט אַליין נישט געוווסט, וואָס זיך פעלט. אַז
מע פלעגט אים אמאָל ווייזן עפּעס א גוט שטיקל ארבעט ערגעץ פון דער
פרעמד, פון בערלין א שטייגער, פלעגט ער געבן א שמייכל און נישט וועלן

אַפּילו דעם כבוד אָנטאָן דערצו זיך רעכט צוקוקן און צו באַטראַכטן, ווי דאָס איז געגייט, ווי עס גייט דער שניט.

— נו! — פּלעגט ער שמייכלען מיט אַ קנייטשעלע און יענעם אָפּזיילאָגן די פּליגל — עט, וואָס איז דאָ אַזוינס פֿאַר אַ חריפֿות? וואָס האָט מען דאָ געפֿונען אַזוינס וואָס צו זען? אַזעלכע אַרבעטן האָב איך שוין אין מיין לעבן טויזנטער מאָל איבערגעמאַכט. מע באַדאַרף נאָר צו אַלץ האָבן מזל, אַבי ס׳איז אין בערלין, כע, כע, איז שוין גוט.

אַ ציגנל האָט לייזער געהאַט אַ געשליפֿנס, זייער אַ געלויפֿיקס. אַז עמיצער פּלעגט וועלן אים אויסמאָלן, ווי ער זאָל אים נייען, האָט ער יענעם נישט געלאָזט אויסרעדן, פֿאַרכאַפּט און גערעדט אַלץ אַליין:

— איך ווייס, איך ווייס-ווייס-ווייס! זייט זיכער, איך וועל אייך מיט גאָטס הילף מאַכן אַ שטיקל אַרבעט נאָך בעסער ווי איר אַליין ווילט. דאָס ערשטע מאָל איז מיר דען צו מאַכן אַזאַ אַרבעט? איך ווייס, זייט זיכער, איר וועט צופֿרידן זיין.

ביים אָפּברענגען די אַרבעט, אַז יענער פּלעגט זאָגן: דאָ קוועטשט אים, דאָ קנייטשט זיך, דאָ ליגט נישט גוט, דאָ איז שמאָל, — האָט לייזער נישט געוואָלט גאָר הערן, אַלץ גערעדט, גערעדט און פֿאַרשאָטן מיט רייד:

— חלילה, ווי פֿאַלט איר אויס אַזוינס צו זאָגן? עס קוועטשט נישט! עס טאָר גאָר נישט קוועטשן, עס הייבט נישט אָן אַפֿילו זיך צו קנייטשן. גיט נאָר אַ צי, זייט מוחל, אַהין אַ ביסל. עס ליגט גוט, אַזוי ווי אויסגעגאָסן. נאַט אייך אַ נייס — ס׳איז שמאָל! וואָס הייסט שמאָל? אַז סע טאָר נישט זיין שמאָל! איר האָט ערשט אָפּגעגעסן און זענט אַביסל פֿול, האַלט זיך אייך אויס, אַז ס׳איז שמאָל. איך זאָל פֿאַרקרענקען אין דעם היגן הקדש, וואָס מיר איז דערפֿון אַראָפּגעפֿאַלן, ביי מיינע יידישע נאמנות! מען איז קוים אויסגעקומען ווי מיט קרעפּל-פֿלייש. ס׳איז איבערגעבליבן פֿונעם אונטערשלאַג אַ שמאָל פּאַסעקל פֿעֶרקאַל, האָב איר עס אייך אָפּגעבראַכט. בעסער ווי איך האָב אייך געמאַכט, קאָן מען שיין טאַקע ערגעץ נישט מאַכן. איר וועט זיך אַביסל איינגיין, וועט איר געווינט ווערן. טראָגט געזונט!

ביים צאָלן פּלעגט זיך אָנהייבן אַ דינגעניש. ער האָט אַוועקגערעדט אַ שעה מיט חרמות, אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין זיין אַרבעט, אויסגערעכנט איטלעכעס פּיצעלע באַזונדער, וואָס האָט אים געקאָסט, געמאַכט אַ שנײדערישן השבון און געשטעלט פֿאַר עדות אונטער די אויגן דעם קרעמער, דעם שמוקלער, אַ די יידענע פֿונעם שאַפּקעלע, און אָפּגעשאָטן פּשוט מיט גיין מאָס רייד, ביז מע האָט אים מוסיף געווען נאָך אַ צען גראָשן. „טאַ — פּלעגט ער דערנאָך מאַכן, — גיט כאָטש אַ ביסל בראָנפֿן“...

מיט אַ ביסל בראָנפֿן האָט בײַ לייזערן זיך אָנגעהויבן און אויסגעלאָזן אַלע געשעפֿטן. ער איז נישט געווען חלילה קיין שיכור, זיך נישט געזאָלגערט אין די גאַסן. נאָר טרינקען האָט ער געקאָנט. די מלאכה האָט ליב דעם טרונק — איז געווען זיין ווערטל. און ער האָט טאַקע אמת ליב געהאַט די משקה. צוליב דעם פֿלעגט ער זיין אַ גאַנצער מאַכער אין דעם צעך, האָבן אַזאַ התקרבות מיט דעם צעכמייסטער, אַרויסווייזן זיך אין שטאַרק אַרבעטן בשעת עפּעס אַ וויבאָר, ווייל געוויינטלעך גייט עס דאָ נישט אָן אַ ביסל בראָנפֿן. לייזערס נשמה האָט נישקשה געפֿילט, ווו מען באַקומט דעם ביטערן טראָפּן. נאָר זאָגן, אַז פֿאַר אַ כּוסה האָט ער פֿאַרקױפֿט זיין האַרץ, זיין פֿאַרשטאַנד, ער האָט אויפֿגעהערט צו פֿילן, צו פֿאַרשטיין וואָס גוט און וואָס שלעכט — חלילה, דאָס נישט. פֿאַרכוסעט האָט ער עס נישט, ער האָט טאַקע בײַ זיך געהאַט זיין שכל, און, ווי אַלע אַנדערע, זייער גוט געוווּסט דעם אמת, — ער האָט נאָר פֿאַרכוסט, פֿאַרקױפֿט זיין גאַלקע...

לייזער דער שניידער האָט מיך גלייך בײַ מיין אָנקומען צו אים שטאַרק גענומען אין דער אַרבעט און מיט מיר אָנגעהויבן דעם אַלעפֿבייס פֿון דער מלאכה. דער אלעפֿבייס איז נישט באַשטאַנען דערין, ווי מע האַלט די נאָדל, ווי מע באַדאַרף אַ שטאָך טאָן — ניין! דאָס איז נאָך געווען צו פֿרי, דעם דאָזיקן כּבֿוד האָט מען מיר נאָך אַ לאַנגע צייט נישט אָפּגעגעבן. לייזער האָט מיט מיר אָנגעהויבן פֿון דער התחלה — פֿון זיין פּאָמייניצע, האָלץ טראָגן וכדומה נאָך אַזעלכע זאַכן. כּמעט דער אייגענער אַלעפֿבייס, וואָס בײַ דעם צעלניקער און בײַ עזריאל דעם מלמד, נאָר מיט אַ ביסל פֿאַרענדערונגען, ווי עס פּאַסט צו אַ שניידער, דהיינו: גיין אין מאַרק נאָך כּשרן פֿאָדעם; אַריינשטעלן פּרעסלער וואַרעמען אין אויוון בײַ לייזערן גופֿא אין שטוב, אָדער אַמאָל ערגעץ בײַ אַ שכן; זוכן אַ מאָל צען אין טאָג אונטערן טיש, אונטער די בענק דעם פֿינגערהוט אָדער אַ דין נאָדעלע; אַרויסציִען פֿאַרסטרינגעס און אָפּטראָגן מיט דעם באַלעבאָס ערגעץ אַ שטיקל אַרבעט. און אַזוי ווי לייזער האָט געהאַט אַ ווייב, אַ באַלעבאָסטע, אַ בריה אַ יידענע, האָט זי זיך מיט מיר שטאַרק אָפּגעגעבן, אויסגעזוכט בײַ זיך תּמיד פֿאַר מיר אַרבעט און מיך נישט געלאָזט חלילה ליידיק זיצן קיין רגע. די מאַמע מיינע האָט נאָך לעת־עתּה נישט געהאַט זיך וואָס צו שעמען פֿון מיין מלאכה, און מיין טאַטע ר' טעוול דער מלמד האָט נאָך דערווייל געקאָנט רויִק ליגן אין קבֿר: זייער זון האָט זיי נאָך נישט פֿאַרשוואַרצט דאָס פּנים, ביז דער נאָדל איז נאָך געווען גאַנץ ווייט. און מכּות שלאָגן — דערינען האָט מען זיך נישט געדונגען. אַמאָל האָט מיך געשלאָגן לייזער, אַמאָל לייזערס ווייב און אַמאָל ביידע אינאיינעם מאַ־

קע, אָדער זיי ביידע, נאָר אויף אַן אַנדער מין אופן, דהיינו אַזוי: לייזער האָט פריער אָפּגעשמעקט עטלעכע פּעטש לייזעריכען און לייזעריכע האָט זיי מיר געטריי איבערגעגעבן מיט פּראָצענט, מיט געשמאַקע עטלעכע קניפּ דערצו; אָדער פאַרקערט: לייזעריכע האָט מיטאַמאָל צומערשטן אַריינגעלייגט מיט אירע אייגענע הענט, וויפל זי האָט נאָר געקאָנט, און לייזערן, און לייזער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן, ער זאָל עס באַלד נישט אַריינוואַרפן אין מיר... לייזער מיטן ווייב האָבן געלעבט ווי אַ פּאָר טויבן, גלייך אין אַלע זאַכן: ביידע זענען געגאַנגען אין ספּאָדעק, ביידע האָבן געהאַט אַ גלייכע דעה, ביידע האָבן מורא געהאַט איינער פאַר דעם אַנדערן, זיך געהאַלדזט, אַרומגענומען און זיך געטיילט מיט דעם שענסטן בעסטן — מיט פּעטש...

קיין האָניק האָב איך ביי לייזער דעם שניידער נישט געלעקט. איך האָב געאַרבעט אין שטוב, ווי אַן אייזל, און געכאַפּט פון אַלע זייטן קלעפּ. דערנאָכמאָל האָב איך גענומען, אַז דאָס אַלצדינג מוז אַ לערניינגל טאָן און אָן דעם חלילה, דאָס הייסט, אָן פּאָמייניצעס-טראָגן וכדומה און אָן קלעפּ, הייסע פייערדיקע פּעטש, וועט ער נישט קאָנען זיין אַ באַלמעלאָכע, אַקוראַט ווי אָן קלעפּ קאָן מען נישט לערנען און מאַכן פון אַ למדן. אַ שפּיגעלע האָב איך פאַר מיר געהאַט לייזערס אַן אַרבעטער. אַ דאַרער, איינגעהויקערטער, אויסגעבלייכטער בחור, וואָס ער האָט זיינע בעסטע יונגע יאָרן פאַרבראַכט ביי לייזערן, געטאָן עבודת פּרך און געליטן, ביז ער איז געקומען צו דער מדרגה האַלטן אַ נאָדל און שטשאָבען. דעריבער פלעג איך, שלימזל, נעבעך מקבל באהבה זיין אַלע פּעטש און אַפילו נישט הויך וויינען.

איינמאָל אונטער אַ פאַר-פּסח רופט דער באַלעבאָס צו מיר זיך אָן:

—איציק-אברהמל, גיב נאָר אַ שפּרונג אין קרעמל, כאַפּ, פאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן, פאַר אַ גראָשן כשרן פאָדעם און באַוואַרף, וואַרפן זאָל עס מיט דיר, אָט פון דעם דאָזיקן קלייד דעם פעדער-חלק, דערנאָך דעם הינטער-חלק. זשיווע, ממזר!

איך געדענק, ווי שטאַרק איך האָב מיך דערפרייט דענסטמאָל אויף דעם כבוד — זיצן ביי דעם טיש און האַלטן אַ נאָדל, גלייך ווי מע וואָלט מיך אויף אַ חתונה מכבד געווען האַלטן די חופּה-שטעקנס. הייהאַ! איך האָב מיך אַנידערגעזעצט ביים טיש אַקעגן דעם אויסגעבלייכטן בחור, פריילעך, לוסטיק און מיט ביידע הענט געהאַלטן דעם הינטער-חלק, ווי עפּעס אַ טייערע זאַך, אַן אבן-טוב. דער שניידער האָט אויף אַ בייקולכן צוגעזונגען אַ שטיקל פון כל-נדרי, באַלד אַ מלך-עליון, באַלד איז ער איבערגעגאַנגען אין אַ מאַרש, צוגעשאָקלט מיטן קעפּל און צוגעפּויקט צום טאַקט מיט די

פּיסקעס; באַלד האָט ער געזאָגט אַ המצאהלע איבער מיר, איבער דעם אויסגעבליכטן בחור, און דערביי אַרויסגעשטעקט אַ שפּיץ צינגל; באַלד האָט ער געזונגען וויינענדיק, ווי מע באַזעצט אַ כּלה, און באַלד האָט ער געזאָגט, ווי דער מאַרשאַלעק, גראַמען: „זשיוואָ, איציק־אברהמל! — האָט ער מניה־וביה טאַקע געזאָגט מיט אַ ניגון, — שנייץ אָפּ דאָס ליכט, ממזר! ניי גיכער, אָנגעבלאָזענע צורה! אַ ביסל גיכער, איציק־אברהמל, כאַפּ ביי מיר נישט, ממזר, קיין דרעמל!“ און איך — שטאָך דאָ שטאָך, שטאָך דאַ שטאָך אין דעם קלייד, אין די פינגער, ווו עס האָט זיך פּאָפּאַדיעט, נאָר ווער הערט אַ שטאָך בשעת אויפן האַרץ איז פרייליך?...

פּלוצעם אָבער האָט אויף מיר זיך אָנגערוקט אַ כמאַרע: אין דער גאַנצער שטוב האָט אָנגעהויבן צו שטינקען סמאַליגע. מע זוכט דאָ, מע זוכט דאָרט, און מע געפינט לסוף, אַז ביי מיר, שלימזל, סמאַלעט זיך דער הינטער־חלק, יענער הינטער־חלק, וואָס איך האָב באַוואָרפן! וואָרעם בשעת איך האָב אָפּגעשנייצט דאָס ליכט, איז אַ שנויץ דערויף אַראָפּגע־פאַלן! אַ געוואַלד, אַ געשריי, אַ געפילדער, וואַליי פעטש, קולאַקעס און קלעפּ איז מיר געפאַלן ווי האָלץ! איך האָב גענוג געהאַט פאַר דאָס מייניקע. דער שניידער פרוווט זיך מאַכן פונעם הינטער־חלק אַ פעדער־חלק, אַרבל — עס גייט נישט! ער האָט שוין נעבעך פונעם קאַסטן אַרויסגענומען דעם שטיק יתור פון דעם קלייד, גאָר מוטשעט זיך, שונאי־ציון, פון היינט אי־בעראַיאָר — עס גייט נישט! כאָטש צעריים זיך, כאָטש טו דאָ פוטער אַריין, עס גייט נישט! דער הינטער־חלק מוז טאַקע בלייבן אַ הינטער־חלק, פון אַ חזריש עקל קאָן מען קיין שטריימל נישט מאַכן...

— הער נאָר אויס, איציק־אברהמל! — האָט געזאָגט לייזער — הער אויס, ממזרוק, יונגאטש איינער, א קרענק דיר אין די ביינער! פּאטשן דיך האָב איך שוין מער קיין כוח נישט. אז די באַלעבאָסטע וועט קומען פונעם מאַרק, וועט זי דיך מסתמא אויך דערוואַרעמען אַ ביסל און אויס־טאַפּן דיר די ביינדלעך. זי האָט אויך אַזאַ רעכט גלייך ווי איך און זי וועט דיר אירס נישט שענקען. נאָר דאָס אַלצדינג אָבער איז אַלץ גאָרנישט, א היוונע איקעגן העם, וואָס דו וועסט ערשט לייזן שפּעטער, באם עם וועט מיר נישט איינגיין מיין הסברה.

לייזער דער שניידער האָט באַלד טאַקע זיך פאַרטראַכט איבער דעם הינטער־חלק און גערעדט צו זיך אַליין: „פאַרוואָס נישט טאַקע אַ קעשענע... פונעם לאָך אַ קעשענע? אַי וואָס?... עט, מילא, וואָס מאַכט עס אויס?“... דערנאָך האָט ער אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן און אַ געשריי געטאָן:

— פאַשאַל וואָן, ממזר! אַלע־לולע (הללוהו) כל צבאיו, הינט זאָלן מיט דיר האַנדלען!

איך האָב מיך אַרויסגערוקט פון אונטערן טיש, ווי אַ קעצעלע, און געוואַרט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אַ ווייסן סוף.

די דאָזיקע טרויעריקע מעשה איז געשען מיטוואָך תחילת אָוונט. פרייטיק, געדענק איך ווי היינט, האָט דער באַלעבאָס מיר געהייסן אָפּטראָגן נאָך אים דאָס קלייד צו דעם אַרענדאַטאָרס ווייב. די אַרענדאַטאָרקע גיט אַ בליק — אַ דונער, אַ שלאַק: אַ קעשענע סאַמע הינטן!

— וואָס איז דאָס אַזוינס, שניידערל לעבן? — האָט זי זיך צעשריגן — טפייטש, וואָס איז דאָס — דאָס? איך וועל, אסור חזיר, אַזאַ קלייד בשום אופן נישט צונעמען!

— אי — האָט לייזער מיינער געענטפערט מיט אַ זיס לעכעלע און איר פאַרשלאָגן די רייד — אי, שרייט, כ'לעבן, נישט, ברײַנדל! אַזוי העלף מיר גאָט, ווי איך האָב אייך געמאַכט גוט! איך האָב אייך גענייט דאָס קלייד נאָך דער סאַמע לעצטער מאָדע. ס'טייטש, ביי אַלע פריצעס זענען היינט אויפגעשפּאָלטן קעשענעס הינטן. אַ משוגענער מאַכט היינט קעשע־נעס פאָרנט! איך זאָל אַזוי, רבונו־של־עולם, פטור ווערן פון מיין מלאכה און נישט באַדאַרפן זיין קיין שניידער (אַזוי, געוויינטלעך פלעגט ער זיך שווערן, ווי דער שטייגער פון אַלע אַנדערע יידישע באַלמעלאָכעס), ווי שיין דאָס זעט אויס! אַ שאַד, כ'לעבן, וואָס איר קאָנט נישט אַליין מיט אייערע אייגענע אויגן אָנקוקן דעם זיבעטן חן, וואָס דאָס האָט. טאַטע, כ'לעבן, נישט, ברײַנדל, ס'איז גוט! אָט טראָגט געזונט. פאַרנוצט געזונט, צעררייסט געזונט! גיט נאָר קרישטשענע מיין לערנייִנגל, ער פאַרדינט, כלעבן, ער האָט נעבעך די אויגן זיך אַרויסגענומען און אַ סך געהאָרעוועט אויף דער קע־שענע. מיר קומט אויך, כ'לעבן, אַ כוסה!

לייזער איז געווען פאַררעכנט אין בעזליוודעוו פאַר איינעם פון די בעס־טע שניידער, וואָס גייען נאָך זשורנאַלן, און דער אָרעגדאַר דאָרט איז גע־ווען איינער פון די גרעסטע גבירים. היינט אַז מע האָט געזען זיין ווייב, די אַרענדאַרקע, גייט אַרום הינטן מיט אַ קעשענע, זענען דערנאָך אַלע בעזליודעווער מאָדנע ווייבלעך אַרויסגעגאַנגען הינטן מיט אויסגעשפּאַל־טענע קעשענעס.

נאָר הגם מיין קעשענע איז אַריין אין דער מאָדע, איך אָבער בין דערפון נישט געהאָלפן געוואָרן. לייזער האָט מורא געהאַט, איך זאָל מיט דער צייט נישט אַרויסוואַרפן עפּעס אַזוינע נייע מאָדעס, וואָס וועלן אים

חלילה אָנגמאַכן בויכווייטעק, און מחמת מורא נישט געוואָלט געבן מיר א שטאָך אַרבעט. ער האָט מיך איינגאַנצן אוועקגעשענקט זיין ווייב במתנה גמורה, זיך נאָר איבערגעלאָזן דאָס רעכט מיר א מאָל אָפּצושמעקן א פּאַטש. וואָס טויג מיר, — האָט ער זיך אָנגערופן, — אזא פאַרשלעפּטע קרענק, אַזאַ מין קינצלער? — און דערביי אָפּגעזאָגט זיין געווייגטלעכן פּסוק: „אלע־לולע כל צבאיו, היינט זאָלן מיט אים האַנדלען"!... לייזעריכען האָב איך אַמאָל אַ שאָדן אָנגעטאָן, נישט ווילנדיק איר צעבראָכן א טאָפּ מיט אייער און געמוזט לסוף דורך דעם עוקר זיין.

מע האָט מיך דערנאָך אָפּגעגעבן צו אלערליי אנדערע באַלמעלאָכעס, וואָס א וואָך צו אַן אנדערן. איך אָבער בין געווען א שלימזל און ערגעץ נישט געהאַט קיין גליק. איטלעכער באַלמעלאָכע באַזונדער האָט מיך דאָס ערשטע באַקאַנט געמאַכט מיט דעם באַלעבאַטישקייט און מיך איינגעשפּאַנט אין דעם יאָך. איין באַלעבאָס האָב איך אויף מיר געהאַט, עפּעס א שוסטערל, א פריילעכער קבצן, ער פלעגט מיך אַלץ שיקן צווישן די אומריינע ערטער — רייסן ביי חזירים חזיר־האָר פונעם רוקן. — „גאַרעלע — אַזוי איז געווען תמיד זיין ווערטל: — פון אַ חזיר אַ האָר איז אויך גוט. ביי א חזיר איז א מצווה צו רייסן"... בשעת ארויסטראָגן א פּאָמייניצע פלעגט דער דאָזיקער פריילעכער קבצן אויף שפּאַס אויפשטיין און מאַכן מיט א ניגון:

— תן כבוד לאיציגיו! טראָג, איציק־אברהמעניו, איך זאָל דערלעבן טראָגן דיר צו דער התונה וויין אין א רעשעטע! טראָג, איציגיו, טראָג, אין דיינע יאָרן האָב איך געגוג פּאָמייניצעס איבערגעטראָגן!...

דעם דאָזיקן שוסטערל האָב איך אין האַרץ ליב געהאַט, ער איז מיט מיר זיך באַגאַנגען בעסער ווי אַלע אַנדערע. איך וואָלט מיך ביי אים געהאַלטן און אפשר עפּעס וואָס אויסגעלערנט, נאָר ער איז אָבער שטאַרק קראַנק געוואָרן, אָנגעהויבן שטאַרקער ווי פריער צו הוסטן, צו שפּייען מיט בלוט, ווייל ער איז נעבעך שרעקלעך אָפּגעקומען, געהאָרעוועט, געאַרבעט איבער די כוחות מפרנס צו זיין די ווייב און קינדער, און עסן האָט ער נעבעך געגעסן יסורים. חוץ א דאַר שטיקל ברויט מיט עפּעס וואָס־ס'איז דערצו, איז אין זיין מויל נישט געקומען. דעם טעם פון פלייש האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן. ביי א שמועס אמאָל פלעגט ער אַלץ שפּאַסן: פלייש — דאָס איז נישט קיין יידישע זאַך. איך משוגענער האָב מיר טאַקע איינגערעדט א שטיקל לונג־און־לעבער שבת אין טעפּל!... מע האָט אים נעבעך אויף א וועגעלע אוועקגעפירט אין הקדש אריין און ער איז דאָרט טאַקע באַלד געשטאַרבן...

## ז

ויהי היום — איז אין בעזלירדעוו אָנגעקומען איינער פון די ארומ־פאָרנדיקע חזנים און האָט ביי אונדז שבת געדאוונט מיט משוררים, דער עולם איז פון אַלע קלייזלעך אים געלאָפן הערן. א טייל האָבן זיך גוהג גע־ווען, ווי זאָגט מען עפּעס, ווי פּראָסטע באלעבאטים — האָבן אָפּגעדאוונט ותיקין, פריער טאַקע גוט קידוש געמאַכט און דערנאָך געגאַנגען הערן. ס'איז געווען א שרעקלעך ענגשאַפט, מע האָט זיך געשטופּט אויף די קעפּ און איך האָב צווישן דעם עולם אויך זיך אַריינגעשטופּט הערן דעם חזן, ווייל איך האָב, ווי אלע יידן, זייער ליב געהאַט זינגען.

דער חזן האָט געהאַט אַ קליין משוררל, אַ פּייפער, אין מיינע יאָרן. איך האָב אים עפּעס אזוי מקנא געווען, ווי ער שטייט זיך ביים עמוד און־טערגעהאַלטן דאָס בעקל מיט דער האַנט און טרעלעלייקעט, אז איך וואָלט פון מיר באָדאי דאָס העמד אוועקגעגעבן, אבי זיין ווי ער א משוררל. איך האָב אויף דעם דאָזיקן משוררל געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ דענסטמאָל, ווען מיר ייִנגלעך זענען אלע געווען אין פּאָלעש בשעת לייענען. איך בין פאר אים אינגאַנצן בטל געוואָרן. מיר האָט זיך געדאַכט, אז אויף דער וועלט איז שוין נישטאָ קיין בעסערס פון א משוררל. ווי קום איך צו אים! אז דאָס משוררל האָט נאָר געעפנט דאָס מויל, נו, האָט מיינער זיך גענו־מען אים אריינקוקן אין דעם מויל, און ווען עס וואָלט נאָר מעגלעך געווען אריינצושפּרינגען אין אים ווי איך שטיי און גיי, וואָלט איך עס געטאָן מיט גרויס פאַרגעניגן, מיך פּשוט מחיה געווען.

אהיים קומענדיק פון דער שול האָב איך מיך אליין געפּרוווט נאָכמאַכן דעם משוררל. ביי די זמירות האָב איך מיך שטאַרק צעלאָזט אויף א קולכל און טרעלעלייקעט אזוי, אז די מאַמע האָט גרויס תענוג געהאַט. נאָר איך האָב כלל נישט געמיינט די זמירות ווי נאָכצומאַכן דעם משוררל. עס האָט מיר עפּעס זיך געזונגען. דאָס מויל האָט מיר נישט געקאָנט אויף א רגע זיך צו מאַכן. מע האָט שוין אָפּגעגעסן וואַרמעס און איך האָב טאַקע אַלץ נאָך געזונגען, געמאַכט שטייגער. דאָס זינגען איז לסוף איבערגעגאַנגען אין קונדס אריין און איך האָב מיך געריסן אויף אלערליי משונה ווילדע קולות. אז די מאַמע האָט דאָ א קוק געטאָן, אז איך וויל גאָר נישט אויפ־הערן און לאָזן זי נישט אביסל אָפּרוען נאָכן קוגל, האָט זי מיך גוט אויס־געבאָכעט און ארויסגעוואָרפן פון דער שטוב. וווהין לויפט א ייִנגל שבת בייטאָג? מסתמא אין בית־מדרש אריין. הע, הע! דאָרט האָב איך געטראָפן די גאַנצע ווייסע חברה, די אלע רעכטע קונדסים. איך האָב געמיינט, אז נאָר איך איינער האָב נאָכגעמאַכט דעם משוררל, ניין! אלע אַנדערע האָבן

דאָס אייגענע געטאָן וואָס איך. איטלעכער באַזונדער איז געווען שטאַרק באַשעפטיקט, דער האָט געקוויטשעט, דער געריטשעט, דער האָט געברומט־ ווי דער באַס, יענער נאָכגעמאכט דעם פּיסטל־זינגער, אײנער האָט זיך משוגה געקרימט, זיך געריסן אויפן האַלדז, געהירזשעט, געציגלט זיך ווי דער חזן, און דער אַנדערער האָט זיך צעלאָזט אויפן בייקולכן ווי דער פּלייטער. דערנאָך האָט די חברה, אַלע אינייגעם, זיך א נעם געטאָן אָפּצו־ שפּילן דאָרט אויבן אין דער ווייבערשער שול דאָס שיינע בעטלערל, מיט־ וועלכן דער חזן האָט געזאָגט מי־שברך. מע האָט געמיאָקעט, געפּישטשעט, געסווישטשעט, געהילכט, געשריגן, ביז דער שמש האָט אונדז אָפּגעשפּריצט־ מיט וואַסער און אונדז מיאוס טאַקע אַרויסגעטריבן.

באמת, מוזט איר וויסן, האָב איך טאַקע געהאַט א דין קולכן, א שיין געלעניקל. איך פלעג אַמאָל אונטערהעלפן לייזער דעם שניידער באַזעצן א כלה, אָדער אונטערהעלפן אים אין א מלך־עליון. לייזער פלעגט דערביי קוקן אויף מיר און זאָגן מיט א שמייכל, ווי אײנער, וואָס עס טוט אים שטאַרק הנאה: גוט, ממזרוק אײנער! אַזוי, אַזוי. אין דיין טאַטן אַריין, ממזר!... מיר איז אַריין אין קאָפּ צו בעטן דער מאַמען, זי זאָל מיך אָפּגעבן צום חזן. איך האָב מיך צו איר צוגעזעצט ווי א זלידנע, אַזוי לאַנג, אַזוי־ בריוט, ביז זי האָט מיך געמוזט פירן טאַקע צום חזן. די אָרעמע פאַר־ ווייסטע אַלמנה נעבעך איז שוין אויך גערן געווען אזא סחורה ווי איך פּטור צו ווערן. אַז דער חזן האָט מיר געהייסן א קוויטש טאָן און דערנאָך געזאָגט, ער נעמט מיך צו, האָב איך פאַר שמחה געמיינט, אַז די וועלט איז מײנע. איך בין גאָר נישט אין שטאַנד צו שילדערן, ווי מיר איז דענסט־ מאָל געווען אויפן האַרצן. די מאַמע מײנע איז אפנים דערפון געווען שטאַרק צופרידן, טאַקע שטאַרק, וואָס שטאַרק הייסט, וואָרעם אין א שמו־ עס מיט איר באַקאַנטער יידענע האָב איך געהערט, ווי זי האָט צו איר געזאָגט אַזוי:

— אויך די אייגענע מעשה, אסתר, זאָלט איר מיר מאריך ימים זיין, וואָס קאָן א מענטש יענעמס תכלית פאַרזאָרגן? צעברעך דיר, שונא־ציון, דעם קאָפּ, צעריים זיך און שפּרינג דיר אפילו פון דער הויט, אסתר, וועסט גאָר נישט מאַכן. ווי זאָגט מען עפּעס, אסתר, אַז השם־יתברך דערהייבט א מענטשן, ווייסט מען גאָר נישט פונוואַנען איז דאָס אים געקומען. איך זאָג עס אַקעגן מיין יתום, זאָג איך עס. אויך די אייגענע מעשה, לייט האָבן געזאָגט צו א באַלמעלאָכע, אסתר, לאָז זיין צו א באַלמעלאָכע. וואָס וואָלט פון אים געוואָרן? באַדאַרף גאָר דער אייבערשטער חסד טאָן און באַווייזן, אַז נישט אַזוי ווי לייט זאָגן, גיין, אסתר, נאַ דיר גאָר א חזן!... געדאַנקט און געלויבט איז, אסתר, השם־יתברך, מיין יתום איז שוין אַציגר

פארזאָרגט, ער איז א לײט, אויף מײנע ליבע געזאָגט געוואָרן. איך האָב עס נאָר אזוי פיל ביי זײן ליבן נאָמען נישט פארדינט. דאָ האָבן באַשײמ־פערלעך נאָר זכות־אבות זיך געמיט.

מיט דעם חזן בין איך מער ווי א האלב יאָר ארומגעפאָרן אויף דער וועלט. מיר, שלימזל, איז ביי אים אויך שלעכט געווען, ערגער פון אלע איבעריקע משוררים. איך האָב נישקשה גוט מפטיר געקויפט. דער שטיי־בער איז געווען, ווען דער חזן האָט ערגעץ געדאַוונט, האָבן די משוררים באַדאַרפט אונטערוויילעכץ קוקן אויפן עולם, זען, אויב זײן דאַווענען גע־פעלט, וואָס זאָגט מען אויף זײן געמבע און ווי ער זעצט עברי, און אז דער חזן האָט אינדערהיים עמעצן א רוף געטאָן ביים נאָמען, מיט עפּעס א ווונק דערביי, האָט עס געהייסן: נו זאָג נאָר, איז מען עפּעס צופרידן געווען? במעט תמיד אָבער איז דער גורל ווי אויף צו־להכעיס געפאלן אויף מיר. עס קאָן אפשר זײן דעריבער, ווייל די איבעריקע משוררים פלעגן באַלד נאָכן דאַווענען מאַכן פליטה און אויסגעשריקנט ווערן. קוים האָט ער נאָר א זאָג געגעבן: אברהמקע! און דערביי דערלאַנגט דעם געוויסן ווונק, אז מײנער, וואָס האָט נישט געווסט קיין חכמות, איז ארויס מיט דער שפּראַכע: חזן, מע האָט געלאַכט, טאַקע זייער שטאַרק עפּעס געלאַכט! נו, פלעגט ער מיך אָננעמען ביים אויער, דרייען און דרייען, ציען און ציען, אַז איך זאָג אייך, דער שנײדערקעס קלעפּ זענען אקעגן דעם קאַטאָ־וועסלעך געווען.

אַמאָל האָבן מיר ערגעץ אין א שטעטל געדאַוונט שבת פרשה שקלים. דער חזן האָט צום דאַווענען זיך שטאַרק מכין געווען, ווייל ער האָט ארויסגעקוקט אויף יענעם שטעטלס חזנות. שבת־צונאַכטס האָבן צו אים זיך פאַרקליבן מענטשן א גאַנצער עולם, מע האָט געטרונקען פּונש, וויין, און ס'איז געווען א פרײלעכע מלווה־מלכה. דער חזן האָט געמאַכט חן, זיך געפּיעסטעט, זיך געקלאָגט אויפן האַלדז, אז ער האָט א ביסל זיך צוגעקילט און מוז עטלעכע טעג אָפּהיטן זײן כלי, זיך ווי דער שטייגער איז אַלץ געקווענקלט, געקווענקלט און פונדעסטוועגן האָט ער דעם עולם, ווײטער טאַקע ווי דער שטייגער איז, פאָרט צוליב געטאָן, געזאָגט „אליהום" און געזונגען א וואָלעכל. דעם חזן איז גראָד אויסגעקומען נייטיק נאָך עפּעס צו שיקן, און ער האָט א רוף געטאָן: אברהמקע! הא־הא, דאָ האָט מײנער געעפנט אַ פיסקל און אַ זאָג געגעבן: „חזן, מע האָט פון אייך געלאַכט!" גאַנץ הויך אויף א קול און פרײלעך, ווייל איך האָב געהאַט אין קאָפּ א ביסל משקה. דער חזן נעבעך איז געוואָרן אָנגעצונדן, רויט אָנגע־בלאָזן ווי אן אינדיק, דאָס פּנים האָט אים זיך געמינעט און דער גאַנצער עולם איז געבליבן עפּעס ווי צעמישט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. איך

האָב געמיינט, אַז דער חזן וויל מיר נישט גלייבן. באַריידעוודיק בין איך גראָד דענסטמאָל געווען פונעם ביסל פּונש, נו האָב איך מיך צעלאָזט מיט מיין זיס צינגל און אָנגעהויבן צו שווערן:

— ווי איך בין אַ ייִד, חזן, מע האָט פון אייך געלאַכט! אָט=אָ די דאָזיקע מענטשן טאַקע האָבן שטאַרק חוזק געמאַכט... ווער שמועסט יענער, יענער, וואָס טרינקט און סודעט זיך אַלץ מיט אייך, ער האָט, כ'לעבן, זייער געלאַכט בשעת מיר האָבן געאַרבעט אין דער קדושה. עפּעס האָט ער, דאַכט זיך, געזאָגט: קאַטשאַן! ווייס איך וואָס קאַטשאַן הייסט? אינדיקזוימען צי קאַטשקעפּוטער...

דער חזן האָט פאַרביסן די ליפּן, כלומרשט געמאַכט זיך לאַכנדיק און געזאָגט דעם עולם אויף מיר, אַז איך בין אַ שוטה, תמעוואַטע, ווייסט נישט, ווער עס האָט מיך געשווירן, צו די אַלע מעלות בין איך נאָך גראָד איצט אַביסל פאַרלעקט אויך, נאָר ער מוז אַזאַ אָנשיקעניש האַלטן צוליב דעם קולכן. דעם עולם איז געוואָרן עפּעס אויך פּריקרע. די מלווה=מלכה האָט זיך נישט געקלייעט און מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען עפּעס צעשטער=כעט. איר קאָנט אייך משער זיין, וואָס איך האָב דערנאָך געליטן. דער חזן האָט מיר געוויזן, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבן און דאָס ביסל פּונש איז מיר באָקעם אויסגעפאַלן.

איך בין מיט דעם חזן ווייטער אַרומגעפאָרן, זיך געשלעפּט אין אַ סך ייִדישע שטעטלעך און אויף שבת נחמו זענען מיר אַריינגעפאָרן קיין צבוע=טשיץ. דער חזן האָט אַרויסגעקוקט אויף צבועטשיטשער חזנות. ער האָט דאָרט איינגעלייגט די וועלט און געאַרבעט אויף אַלע כלים. די גבאים האָבן אים געבעטן, ער זאָל דאָרט פאַרבלייבן אויף ימים=נוראים, און דער=נאָך וועט מען מיט אים זיך אויסגלייכן, אַלצדינג, אם ירצה=השם, גומר זיין. איך בין דערווייל אַביסל באַקאַנט געוואָרן מיט צבועטשיטשער קונדסים און בין, ברוך=השם, ביי דער דאָרטיקער ווייסער חבֿרה געווען אַ שטיקל חשוב. דהיינו, אַז ס'איז אויסגעקומען צו לויפן מיט אַ הוראַ נאָך דעם דאָרטיקן שטאָט=משוגענעם, האָט מען מיך געלאָזט לויפן פאָרויס; אָדער מע האָט באַדאַרפט עמעצן מאַכן אַ פּאַנפע, פלעגט מען דערצו נעמען קליאָטשע ביי מיר פון דער קאַפּאָטע, און ווען ס'איז אַמאָל געראָטן אַרויסצוגנבענען פונעם שמשס שאַפּקעלע דעם שופר, פלעגט מען מיך מכבד זיין מיט דעם ערשטן בלאָז. עס וואָלט מיר אָנהייבן אפילו צו ווערן רעכט גוט, נאָר וואָס העלפט מען אָבער, אַז ס'איז נישטאָ קיין מזל!

הערט נאָר מיין סוף ביים חזן! ראש=השנה קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, ווי מיין חזן נעבעך האָט געהאָרעוועט. ער האָט געאַרבעט, ווי מע זאָגט, אויף אַלע זאַסטאַווקעס, געדרייט איטלעכס וואָרט אַ מאָל צען אַרויף

און אראָפּ, אויסגעטייטשט עס מיט דעם פינגער, פון דער געמבע איז ער פּלוצעם אריין אין דעם בייקול — היידי־די־די אַהער, היידי־די־די אהין, און איז שיר נישט געקראָכן אויף די גלייכע ווענט. דער באַס איז אָבּ־דיפּנעם געוואָרן פונעם שטייגער מאַכן, ביי איטלעכן שטיקל א ניי שטייגערל, נאָכאַמאָל לאַטומדום־דום־דום!! ווידעראַמאָל לאַטומדום־דום־דום!! ער איז אָפּגעגאַנגען מיט שוויים און זיך אַלץ געווישט מיט דעם פּאַטשיילעכן, וואָס איז אים נישט ארויס פון דער האַנט, מיט וועלכער ער האָט עס געדרייט אין דער לופטן. דעם פּלייטער געבעד האָט שוין נישט געדינט דאָס קול, ער האָט באַדאַרפט אריבערשרייען דעם באַס, נאָר עפּעס דעם חזנס א וואָרט — א פייף, א קוויטש, און איך, שלימזל, האָב כמעט אַלע רגע באַדאַרפט א קוויטש טאָן, טאַ־טע־ניו! אָדער א לאַנגן טראַטאַטאַ־טי! אוש נו... הכלל, מע האָט געאַרבעט, זיך געריסן אויף וואָס די וועלט שטייט.

אין דער שול האָט געדאַוונט א יונגערמאַן, א נגיד. ער איז געווען א ביסל פון היינטיקער וועלט, א דיקער, א געזונטער, א שטיקל לץ און זייער א גוטער מענטש. ער פלעגט ליב האָבן זיך נאַריש צו מאַכן מיט קינדער און ער האָט שרעקלעך פיינט געהאַט דעם חזן פאר זיינע מיאוסע העוויות. אז דער חזן איז א ביסל זיך צעפאָרן אין דעם „אתה זוכר“, וואָס אין דער מוספדיקער שמונה־עשׂרה, זיך געגאַנגען א גאַנג ווי אויף א פּאַטשטשאָווען וועג, ארויסוואַרפנדיק געטאַקטע וגאַמרלעך „פּאַ־מאָלאַ־דאַצקי“, האָט צו מיר ווי א קעצעלע זיך צוגערוקט דער לץ, דער נגיד, און עפּעס מיט אן ערנסט פּנימל מיך שטילערהייט א פרעג געטאָן: „זאָג נאָר, קליינער, קאָנסטו מאכן א ווײַנשל?“ און מניה־וביה טאַקע איז שוין ביי אים אויף דער אונטערשטער ליפּ פאַרטיק געוואָרן א ווייַנשל, אזא גרויסע, אזא רויטע, אז איך האָב מיך שטאַרק צעלאַכט. אָבער דעגסטמאָל גראָד האָט דער חזן שוין אויסגעטאָקט א וגאמרל און געוואַרט, אז איך זאָל מאכן טראַטאַ־טאַ־טי! אז דער עולם האָט געזען, דער חזן איז עפּעס געבליבן שטיל ווי דערוואָרגן, האָט מען אָנגעהויבן פּאַטשן אויף די סטענדערס. דער חזן האָט מיט כעס זיך ארומגעקוקט צו מיר, גלייך ווי איך וואָלט אים געגזלט, אָדער נישט געוואָלט אָפּגעבן, וואָס אים קומט. די אויגן האָבן אים געפייערט און דאָס פּנים איז אים געווען רויט, אויסגעפרישט ווי א ציטמעס. דער באַס האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר מיט א ברוס, ווי א קו צו א קעלבל: נו, הייסט עס, ענטפער שוין אָפּ דיין טראַטאַ־טאַ־טי! נאָר קוים וואָס איך האָב מיך געגומען מיט פינגער צום גאָרגל א הילך צו טאָן, האָט דער נגיד אקעגן מיר געמאַכט נאָך א מאָל א ווײַנשל, און איך האָב נישט ווילנדיק, פון דער העלער הויט, אויסגעשאָסי

אַ געלעכטער הויך אויף אַ קוויטש! דער חזן האָט זיך צעטומלט, פאַרפּלאָנ־
טעט, פאַרפּלוטעט, און ארויסגעשפּרונגען פון די האַלאַבּליעס, אַראָפּ פו־
נעם גלייכן שליאַך, האָט איבערגעהיפּערט אַ שטיק שמונה־עשרה און
דערצו נאָך געמאַכט עטלעכע גרייזן. דער עולם האָט פון אַלע זייטן גע־
מאַכט פאַרוואונדערט: אי, אי! געקלאַפּט און געפּאַטשט אויף די שטענ־
דערס. די ווייבער דאָרט אין דער ווייבערשער שול האָבן זיך שטאַרק
דערשראָקן און אין איין אָטעם אַ געשריי געטאָן: אוי, עס ברענט!... דאָ
האָבן שוין ווידער די מאַנסבילן זיך דערשראָקן, זיך אָנגעהויבן שטופּן און
ארויסלויפן פון דער שול. דער כלל — ס'איז שוין געווען אַ צערודערטע
ראָוועגען. דער עולם איז שרעקלעך נישט צופרידן געווען.

אויף מאָרגן נאָך ראש־השנה האָט דער חזן מיך ארויסגעטריבן און
אַליין איז ער געבעך בבושה והרפה אוועקגעפאָרן, זיך ווייטער ערגעץ ארומ־
שלעפּן. איך, שלימזל, בין איבערגעבליבן אין צבועטשיץ ווי אויפן וואַסער.

ח

ראש־השנה האָב איך אין צבועטשיץ געגעסן ביי אַ יידן, וואָס איז
שוועער אקוראַט צו באַשטימען, וואָס פאַר אַ מענטש ער איז געווען: עפּעס
נישט קיין חסיד, נישט פון היינטיקער וועלט, עפּעס אי אהין אי אהער
און דאַכט זיך ווידער נישט אהין נישט אהער; נישט געקליידט אַלטפּע־
טעריש, נישט היינטיק־מאָדיש, נישט, ווי מע זאָגט, פליישיק, נישט מיל־
כיק, עפּעס „נאַ“ האַלבגעבראָטן, גלאַט פאַר זיך עפּעס אַ מין ייד. איך האָב
דערגאָך אין דער וועלט באַגעגנט אַ סך אזעלכע מיני יידן, נאָר איך בין
קיינמאָל אויף זיי קיין מבין נישט געווען און נישט געקאָנט רעכט פאַר־
שטיין, וואָס פאַר אַ מענטשן זיי זענען... אז איך בין געבליבן עלנט, זיך
ארומגעבלאָנקעט, ווי אַ שעפּעלע, איינער אַליין, נישט געהאַט מיט וואָס
אַ טאָג איבערצוקומען, האָב איך מיך מיישב געווען און בין געגאַנגען
צו דעם דאָזיקן יידן און האָב אים דערציילט מיין אומגליק, די גרויסע צרה
וואָס מיך האָט געטראָפן. דער דאָזיקער ייד איז געווען בטבע נישט קיין
שלעכטער, אַ שותק, אַ רענדל אַ וואָרט, ער האָט מיך שווייגנדיק אויסגע־
הערט און אַלץ געגלעט די וואָנצעס. דערנאָך האָט ער פאַרטראַכטערהייט אַ
מאַך געטאָן מיט דער האַנט, איך זאָל בלייבן, האָט עס געהייסן, און געזאָגט
אין שטוב, מע זאָל מיר געבן עפּעס עסן. בייגאַכט, ארום זייגער צען עלף,
אז אויף דער גאַס האָט מען שוין נישט געזען קיין משוגענעם הונט, און
אינדרויסן איז געווען כאָטש אַן אויג ארויסצונעמען, איז ער מיט מיר
געגאַנגען העט־העט אין עק שטאָט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן געסל, אין דעם

דאָזיקן געסל איז געווען רואיק, שטיל, ווי אויף א בית־עולם, עס האָט נאָר זיך געהערט דאָרט א רוישן פון ביימער, וואָס דער ווינט האָט צווייַלן מיט זיי געטרעסעט, ווי מיט א לולב, אויך א געשושקעריי פון עטלעכע איבער־געבליבענע דאַרע בלעטלעך ערגעץ דאָרט אויף א בוימל און א קול פון אן אָסיענדיק רעגנדל, וואָס האָט צווייַלן געקראָפּעט אויף אראָפּגעפאַלענע בלעטער און אויף פאַרטריקנטע גראָז פון אַלערליי מיני גאָרטנוואַרג. איז דער ווינט אויף אַ רגע אַנטשוויגן געוואָרן, האָט פונדערווייטנס זיך געלאָזט הערן אַ געקלאַפּעריי ערגעץ פון אַ מיל און אַ ליאַרעם, אַ גערויש פון אַ האַסטיק פלייצנדיק וואַסער. קוים האָט דער ווינט ווידער אויפדאָסניי אָנגעהויבן, האָבן מיט אים, ביים אָנהייב בלאָזן זיך פון דער שטאָט, פאַרטראָגן מטושטשע, פאַרמישטע מיני קולות: אַ קריי פון אַ האָן, אַ מרוקען פון אַ קו, אַ סקריפּ פון אַהין־און־אַהער זיך שליידערנדיקן טויער, אַ גערודער, אַ געטומל פון אַ באַלעגאָלישער פאָרנדיקער יאַזדע און אַ בילן פון ערגעץ אַ באַלעבאַטישן הונט. אפנים, אַז אין יענעם געסל זענען נישט געזעסן קיין יידן, זיסט וואָלט דאָך דאָרט נישט געווען קיין גערטנער מיט ביימער, אויף דער ערד וואָלט דאָך נישט געווען צעזייט, צעשפּרייט קיין בלעטער, און מיין ייד וואָלט דאָך געמוזט טאַפּן דעם וועג, ער זאָל חלילה אין דער מיט גאַס נישט אַרויף אויף אַ קו, אָדער נישט אָנשלאָגן זיך אין צעבראָכענע טרעפּלעך פּאַר איטלעכער טיר. מיין ייד איז אַלץ געגאַנגען, נישט צו רעדן מיט מיר אַפילו איין וואָרט, ביז צום סוף זענען מיר צוגעקומען צו אַ הייפל און אַריינגעגאַנגען דאָרט אין אַ נידעריק, נישט קיין גרוים הייזל. אין אַ קליין פּאָרצימער האָט געצאַנקט אַ ליכט, דאָרט האָט מיין ייד אויסגעטאָן זיין אויבערקלייד און איז אַריינגעגאַנגען אין צווייטן חדר, מיר אָבער האָט ער געהייסן וואַרטן דאָ אין דעם פּאָדערצימער. מיר איז גראָד אויסגעקומען דאָרט שטיין אונטער דער צוגעמאַכטער טיר, האָב איך געהערט אָט אַזאַ מין שמועס:

„עד כאן אומרים בשבת הגדול", — דערמיט האָט זיך געענדיקט דאָס לעצטע בלעטל פון די, וועלכע דער רב האָט מיר געגעבן, און אַזוי ווי ס'איז געווען שוין שפּעטלעך ביינאַכט, האָב איך געלייענט קריאת־שמע און זיך געלייגט אויף מיין אָרט אין בית־מדרש שלאָפן.

ט

קוים וואָס איך האָב דערלעבט מאָרגן פרי אָפּצודאַווענען, האָב איך עפּעס איבערגעכאַפּט אינדערגיך, איבערגעלאָזן ווייטער אויף דעם שמש מיין ביידל מיט דעם פערדל און מיך געיאָגט צום רב.

אין שטיבל ביים רב האָב איך געטראָפֿן אַ היפּשן עולם מענטשן, אַן עין־הרע — דיינים און נגידים. דער רב אַליין איז דאָרט נישט געווען. אַלע אין שטיבל זיצן עפּעס אַזוי ווי פֿאַרטראַכט. נגידים זענען אַפֿילו תּמיד פֿאַר־טראַכט, פֿאַרזאָרגט און קוקן אויף יעגעם מיט אַ מרה־שחורה'דיקן פּנים, עפּעס אַזוי, אַז עס ווערט פֿאַרקילט אין בויך, עס גלוסט זיך אַוועקגיין און זיי מער נישט אָנקוקן. איך ווייס אָסור נישט: אַז מע האָט געלט, וואָס האָט מען דאָ אַזוי צו טראַכטן, צו זאָרגן און צו מאַכן אַזאַ ערנסט פּנים? דאַכט זיך, צו געלט ציילן באַדאַרף מען עפּעס נישט האָבן אַזעלכע הויכע געדאַנ־קען: מען קאָן, דאַכט זיך, האָבן אין קאַסטן געלט און קוקן אויף אַ מענטשן גלייך, נישט מיט קיין קרום פּנים... מילא גאָרנישט, נישט דאָס בין איך אויסן.

— וואָס זיפֿצט איר אַזוי, ר' חנא? — האָט איין נגיד דעם אַנדערן געפֿרעגט.

— איך זיפֿץ, ר' בעריש — האָט ר' חנא געענטפֿערט — אויף דער אבֿדה, וואָס מיר האָבן פֿאַרלוירן. יצחק־אבֿרהם איז געווען זייער אַ ג ו צ־ ל ע כ ע ר מענטש, מיר האָבן אַלע אין אים געהאַט אַ פּריינד, אַ טוער און אַ ב ע ל ־ ס ו ד. ער איז אונדז צו פֿרי אָפּגעשטאָרבן. ער האָט באַ־דאַרפֿט כאָטש נאָך עטלעכע יאָר לעבן. אַ שאָד, כ'לעבן! מיר מעגן טאַקע אַלע זיפֿצן אויף אַזאַ גרויסער אבֿדה. קיינעם איז יצחק־אבֿרהם אַזוי נישט אָפּגעשטאָרבן ווי דער שטאָט, אונדז אַליין, מיין איך.

— טאַקע גאַנץ אמת, ר' חנא — האָבן אַלע געענטפֿערט און זיך שטאַרק פֿאַרטראַכט.

— איך האָב נאָך היינט אַ חתונה — האָט זיך אָנגערופֿן איין דיין — איך בין מסדר קדושין.

— און מיר חלשט נאָך דאָס האַרץ — האָט געזאָגט דער אַנדערער דיין — פֿון אַלע זאַכן וואָלט איך גענומען עפּעס אין מויל אַריין. מיר איז שוין טאַקע צייט צו עסן, איך האָב נאָך היינט חוץ אַ גלעזל ציקאָריע נישט טועם־טעם געווען.

— מיינע מערידן טוען מיר אָן גאָר גרויסע צרות! — איז אַריין אינ־דערמיט נאָך אַ דיין — זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס טוט איר עפּעס צו אייערע מערידן? מערגנצימעס, זאָגט מען, זאָל דערצו גוט זיין. ווייס איך? איך האָב אַלע ביז אַהער געהאַלטן פֿון געקאָכטע פֿלוימען מיט צענעם.

— צו מערידן איז די בעסטע רפֿואה — האָבן יענע צוויי דיינים זיך גלייך אַרויסגערעדט — זיך גאָר נישט ווייסנדיק מאַכן און גאָר נישט טאָן, מיר האָבן עס בקבלה פֿון אונדזערע טאַטעס...

איך בין געזעסן ווי אויף שפילקעס און געציילט די מינוטן, דער רב זאָל אַריינקומען, איך זאָל שוין זוכה זיין צו הערן דעם סוף פון דער גאַנ־צער מעשה און צו וואָס בין איך דאָ אַזוי נייטיק געווען. ס'איז מיר צו גרויס געווען איטלעכע רגע און איך בין מיד געוואָרן וואַרטנדיק. גאָט האָט געהאָלפן, דער רב איז אַריינגעקומען מיט אַ געקנייטשטן שטערן, וואָס האָט באַוויזן, אַז אינעווייניק אין קאָפּ זענען דאָ פיל מחשבות, און מיט אַ פאַרענטפערן זיך, וואָס ער האָט געלאָזט דעם עולם אויף זיך אַ ביסל וואַרטן. ער איז געווען, זאָגט ער, טרוד אין אַ האַרבער שאלה מיט אַ לונגען־לעבער.

— זענט איר, רבותי, דאָ אַלע? — טוט דער רב אַ פרעג, אַנידערזע־צנדיק זיך אויף זיין שטול.

— אַלע, רבי, אַלע, חוץ איין רב פייוויש פעלט צום מספר.

— רב פייוויש איז היינט אַ בעל... ווי זאָל איך זאָגן? אַ בעל־שמחה... חברה־קדישא, רב פייוויש, מיין איך, וועט בעמען אַ גוטן רח"ש קבורה־געלט פון יצחק־אברהמס יורשים, מיין איך — רופט זיך אָן אייגער פון די נגידים מיט אַ שטאַרק פאַרקרימטער, עסיק־זייערער צורה, וואָס האָט די גאַל אין מויל.

— איך בעט איבער אייער כבוד, רבותי, וואָס איך פאַרנעם אייך מיט אַזאַ מעשה — ווענדט זיך דער רב צו דעם עולם — איר זענט דאָך מענטשן סוחרים, איטלעכער פון אייך איז אַ טרוד, פאַרדרייט אין זיינע עסקים און האָט אַוודאי קיין צייט נישט! נאָר וואָס זאָל איך טאָן, ס'איז דאָך אַ מצווה מקיים צו זיין צוואת המת. ער, עליו־השלום, האָט פון מיר פאַרלאַנגט און פאַרדינט טאַקע מיט רעכט, מע זאָל ממלא זיין די בקשה זיינע, אַזוי ווי איר וועט צום סוף אליין אַרויסזען. זייט־זשע מיר הונדערט מאָל מוחל, רבותי!

— נישקשה, נישקשה! — האָבן די אַלע נגידים זיך אָנגערופן — אַדרבא, רבי, די מעשה געפעלט אונדז זייער. מיר וואָלטן נישט מיד גע־וואָרן זי צו הערן ביז אין סוף אַריין כאָטש אַ טאָג מיט אַ נאַכט, אַזוי שיין געפעלט זי אונדז. און נאָר אָן דעם, האָט יצחק־אברהם עס טאַקע ביי אונדז אַלע פאַרדינט, מיר זאָלן פונזיינעטוועגן אָוועקלייגן אַביסל צייט און הערן זיין באַשרייבונג. מסתמא וועט דאָך עס צו עפּעס פירן. דער סוף מוז אַוודאי זיין וווּנדער־שיין און מיר וועלן קיין חרטה נישט האָבן, וואָס מיר האָבן אַזוינס געהערט.

דער רב, זאָל לעבן, נעמט עפּעס אַ פּעקעלע פּאַפּירן און אויסהוסטנ־דיק זיך אַביסל, טוט ער אַ זאָג:

— מיר זענען געכטן, דאַכט זיך, געבליבן דערביי: „האָב איך געהערט אַט אַזאַ מין שמועס“.

— יאָ, דאָ! דאָ! — רוף איך מיך אָן, און טו אַ לייג פאַר דעם רב די שטלעכע בלעטלעך, וואָס ער האָט מיר געגעבן נעכטן.

— אָ־אָ, גוט, גוט, רב מענדעלע! —מאַכט דער רב פריינדלעך צו מיר און שטעלט מיך ׳פאַר פאַר דעם עולם:

— דער דאָזיקער אורח, רבותי, איז רב מענדעלע... אונדזער רב מענ־דעלע! איך האָב אים געלאָזט זיך מטריח זיין צו מיר, ווייל ער איז נייטיק צום ענין. אַצינד, רבותי, הערט, זייט מוחל וואָס עס שטייט געשריבן ווייטער.

עס ווערט באַלד טאָקע, ווי דער שטייגער איז, אַ הוסטעריי, אַ נאָז־שנייצעריי, מיט די בענקלעך אַ גערוקעריי. דער רב, זאָל לעבן, קוקט אַריין ערנסט אין די פּאַפּירן, גלעט די באָרד און וואַרט ביז דער עולם וועט זיך באַרואיקן.

•

אונטער דער צוגעמאַכטער טיר — הייבט דער רב אָן לייענען ווייטער — האָב איך געהערט אָט אַזאַ מין שמועס:

— גוטן אָוונט, הער גוטמאַן!

— ווילקאָמען, הער יאַקאָבזאָהן! אָ, וואָס פאַרא גאַסט! שוין זייט דריי וואָכן וואַרטן זי גיכט ביי מיר. וואָס זאָל עס דייטען, הער יאַקאָבזאָהן?

— ליבער הער גוטמאַן, ווי האָב איך געקאָנט? זי ווייסען דאָך, הייינט אין די הייליקע פייערטאָגע ימים־טובים־צייט, און די היעזיגע יודען זענען אַצונד נאָך מער פאַנאַטיש ווי אַן אַנדערס מאָל, זי קאָנען דאָך מיין לאַגע, ווי אַבהענגיק איך בין פון דיזע לייט, זיי זאָלען מיך, אשטייגער, דערזען געהן צו איהנען...

— זי האַבען פאָלקאָממען רעכט, הער יאַקאָבזאָהן. אויב אַזוי האַבען זי רעכט. יאַ, זי זינד אַבהענגיג, זי האַבען פאַמיליע.

— האָט איר שוין געענדיקט אייער ווערק, הער גוטמאַן?

— אָ, יאַ, דאַס בוך איזט מערקווירדיג געלונגען, זעהר אַ ניצלעכער ספר! שאַדע נור, דאַס ביי אונדז זעהר וועניג מענטשען זינד, וועלכע העב־רעאיש לעזען.

— זאַגען זי בעסער, הער גוטמאַן, דאַס איהר קיין בעללוינונג פאַר אייער אַרבייט האַט, און זי מוסען אָפטמאַל געבעך דאַרבען און דערצו נאָך אומפערדיענט ליידען פערלאַכטונג און רדיפות.

— גלויבען זי מיר, הער יאקאָבזאָהן. דער שרייבער, דער ריכטער, ברויכט אייגענטליך קיינע אנדערן לאָהן אויסער פארשטאַנדן צו ווערדען. פערפאָלגונג, רדיפות, מאַנגעל, דיזע שפּאַרנען נור זיין גייסט צו אַרבייט אַז, ערשט דענסטמאָל גלוסט זיך אַרבייטען, און פערדיגנטע פערפאָלגונגען, אומ־כבוד, איזט עבען זאָ דעם מענטשן אנגענעהם, ליעב, ווי פערחידיגטע אכטונג. פיר די וואַרהייט, דעם אמת, צו ליידען, איזט אייגענטליך קיין ליידען. ליי־דען הייסט חנפענען, צבועטשען, זיך זעלבסט פערלייגנען, זיין געוויסען, זיין הערץ, זיין שכל צו פערקויפען. זי מיינען, איין חונף, איין פאַלשער מענש צו זיין איזט איינע גרינגע, לייכטע אַרבייט? חלילה! עס איזט אָבער עבען זאָ שווער ווי איין גנב צו זיין. דער חונף, דער צבועק, דער פאַלשער, מוז אימער זאָ פּירכטען, אימער זאָ אויף דער הוט זיין, זיך שטענדיג זאָ היטען, ווי דער גנב. גלויבען זי דען, דאָס אַלע מיינע פערפאָלגער, וועלכע מיך רודפן, רעליגיעז, אמת פרום און גליקלער זינד? אָ ניין, ניין! איין געוויסער טייל פון זיי רודפן, פערפאָלגען מיך בלאָס אויס נייד, אויס קנאה. גאַנץ פּשוט, זיי פיהלען זיך פאַר לעדיגע, אונוויסענדע, אונניצליכע מענטשען, זיי שטעכט, פאַרוואָס איז דאָ איין פערשטענדיגער מענש, וועל־כער אויף זיי אַ מבין איזט און נעהמט זיי דורך און דורך מיט אָפענע אויגען. זיי שייען זיך פאַר אָפענע אויגען זאָ ווי פעלדער־מייזע פאַר די שטראַהלען פון דער ליכטיגער זון.

— ווירקליך, הער גוטמאַן, מיט זעלכע אייגענשאַפטען און זעלבע גו־טע מחשבות זינד זי באמת טאַקע בעניידעסווערטה, מע דאַרף זי טאַקע מקנא זיין. ווייסטען זי, וואָס אייגענטליך בין איך יעצט צו איהנען געקאָמ־מען? איהר האָט מיר שוין איניגע מאָל געזאַגט, אַז איר ברויכט גייטיג אַ יונגל צו שיקן אַמאָל אַ גאַנג. אַצונד האָב איך אַזעלכן בעקאָממען און האָב אים געבראַכט. עס שיינט, ער איז איין עהרליך יונגל, כאָטשע אַ ביסל אַ לעקעש, נישט געשליפן.

איך האָב דעם דאָזיקן שמועס כמעט אין גאַנצן פארשטאַנען, דאָס הייסט נישט דעם געדאַנק, דעם פּשט דערפון. דאָס איז געווען נישט פאַר מיין מוח, איך האָב נאָך פאַרשטאַנען ווערטער. אַ טייל ווערטער זענען געווען פון אונדזער לשון, יידיש־דייטש, און אויפן ביסל דייטשע ווערטער האָב איך שוין געקאָנט ווי ס׳איז מיך אָנשטויסן, מחמת אַרומפאָרנדיק מיט דעם חזן האָב איך אַלע סאָרטן מענטשן געהערט רעדן. דער חזן אַליין פלעגט ליב האָבן ארייננצוואַרפן אַמאָל אין זיין שמועס עפּעס א דייטשיש וואָרט, ווען עס האָט אים געפּאַסט, און רעדן מיט א פּתח, ווו ביי אונדז, פּראָסטן עולם, קומט אויס מיט אַ קמץ — גוט שבת! גוטע וואָך, קנאַבעל, יכדומה. אמאָל פלעגט אים נאָך גאָר אויסקומען צו זאָגן, אַז ער זינגט נאָך

גאָטן און קאַרביש דאַווענען קאָן ער אויך... די תלמוד־תורה האָט מיר אויך געגעבן אביסל דייטש פון די טייטשווערטער אין חומש, ווי אשטייגער, „ועלמה“ — און א געפּל, „וסעדו לבבכם“ — און לענט אונטער אייער האַרץ, „ירכי“ — מיין דיך, „מחשף“ — אנטפּלעקט, „באח“ — אויפן געמייזעכץ, „בין המשפתיים“ — צווישן די געמאַרקן, „ותחללה“ — און האָסט זי פאַרשוועכט, „קוממיות“ — האָפּערלער, וכדומה נאָך אַזעלכע טייטשן.

אין דער צעלניק־קלייט האָב איך אויך געכאַפּט עטלעכע דייטשע ווערטער פון די עלטערע משרתים, וואָס פלעגן אַמאָל אין אַ שמועס מיט אַ קונה זיך צעלאָזן אויף דייטש: „מיין האַר, קוקען זיי אָן די וואַרע! איך האָב בנאמנות ניכט טייער געביטן. שוין וועלוועלער פון באָרשטש, זאָג איך איהנען. זיי וועלן, מיין האַר, קיין חרטה ניכט האַבען“. גאָר חוץ דעם גאָר פאַרשטייען טאַקע אלע ייִדן דייטש. ס'איז דאָך פאָרט זייער מאַמע־לשון...

די טיר האָט פּלוצעם זיך געטאָן אַן עפן און מע האָט מיך אַריינגערופן אין דעם צווייטן חדר. מיין ייִד, זע איך, זיצט אָן דעם היטל. דער דייטש געמט מיך אָן ביי דער האַנט און זאָגט צו מיר גאָר פריינדלעך:

— גו, ליבער, יונגער מענטש! דו ווילסט ביי מיר אין הויז זיך שטעלן? ביי מיר וועסטו נישט האָבן קיין שווערע מלאָכות. דו וועסט באַדאַרפן טאָן געוויינטלעכע זאַכן און גיין אמאָל א גאַנג.

איך האָב אויסגעטעלעפּעטשעט א פּאָר אויגן און עפּעס אזוי תמעוואַטע געקוקט, אַז דער דייטש האָט נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן א שמייכל צו טאָן. ער איז מיר אָבער זייער געפעלן. זיין פּנים האָט אויסגעזען עפּעס אזוי גוט און ער האָט מיט מיר גערעדט עפּעס אזוי פריינדלעך, נישט ווי אלע אנדערע, ווי דער שניידער, דער חזן, אשטייגער, און ווי די מאַמע מיינע אפילו. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אזא רואיקער, גוטער מינע, אז עס האָט מיך צו אים עפּעס געצויגן. איך האָב אויפגעהויבן די האַנט צו מיין שמייש־מיצל (וואָרעם איך בין שטענדיק געגאַנגען אין א שמייש־מיצל, סיי ווינטער, סיי זומער און די גרויסע היצן, בשעת אפילו איך בין געגאַנגען באָרוועס). האָב עס א קאַפּ אונטערגעהויבן און געהאַלטן איבער דעם קאָפּ, דערנאָך האָב איך עס א רוק געטאָן אויף איין זייט, אויף דער אַנדערער זייט קאָפּ, אביסל א בייג געגעבן צום פּנים, אַ שלעפּ געטאָן פון אונטן, אהין־אהער, א קאַפּעלע העכער, און מיט דער אַנדערער האַנט א טאַפּ געגעבן די פּאות, א קראַץ די פּאָטיליצע. איך האָב פּשוט אַליין נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט דעם קאָפּ און מיט דעם מיצל, ביז לסוף האָב איך מיר געמאַכט האַרץ און האָב עס אויף גאָטס באַראָט האַפּטאָם אַראָפּגעכאַפּט פונעם קאָפּ. איך האָב בשעת מעשה

געפילט, ווי איבער מיין הוילן קאָפּ ווייעט עפּעס א קיל ווינטעלע, גלייך מע וואָלט מיך געשווירן. אלע רגע האָב איך געמוזט מיך א טאַפּ טאָן ביים קאָפּ. ס'איז מיר פאַרגעקומען ווילד משונה, עפּעס ווי אין באָד.

— נו, מיין ליבעם קינד — האָט דער דייטש געזאָגט און ארויפגע-לייגט זיין האַנט מיר אויף דעם אַקסל — דו ביסט א גוטער בורש! ווי הייסטו?

איך בין געשטאַנען פאַרדולט, אַקוראַט ווי אמאָל פאַר יענעם דייטש אין דער תלמוד-תורה. האָב געעפנט א מויל, אויסגעשטעלט א פּאָר אויגן און געקוקט לעקעשעוואַטע, נאָר ווי אן אָנגעמאָלטער גולם.

— ווי הייסטו? — האָט דער דייטש מיך נאָך א מאָל א פרעג געטאָן.

— איך ווייס?!

— ס'מיימש, דו ווייסט נישט, ווי דו הייסט! ווער דען זשע ווייסט?

— די מאַמע — האָב איך געענטפערט — די מאַמע מיינע פלעגט מיך רופן יצחק-אברהמצע, דער תלמוד-תורה-מלמד — איצע-אברהמעלע, דער שניידער — ממזרוק איציק-אברהמל, דער שוסטער, בשעת ער פלעגט מיר צווינטשעווען, ווען איך האָב געטראָגן די פּאַמייניצע, האָט מיך גע-רופן — איציניו-אברהמעניו, און דער חזן — אברהמקע. היינט ווי זאָל איך ווייסן, ווי אזוי איך הייס?

— געראָטן! — האָט דער דייטש געזאָגט מיט א שמייכל — נאָר זיבן נעמען ווי יתרו האָסטו פאָרט נישט. דו האָסט נאָר איין צונויפגעפּאָרטן נאָ-מען: יצחק-אברהם, זייער א שיינער נאָמען, נאָך די אבות. איך וועל דיך טאַקע אזוי רופן. דו הייסט ביי מיר איזאַק-אַבראַהאַם, נו, זאָג, ווילסטו ביי מיר זיין, אבראַהאַם?

— איר זאָלט מיך אָבער נישט הרגענען, שלאָגן. איך האָב שוין, כ'לעבן, קיין גאַנץ ביינדל נישט.

ביי דעם דייטש האָבן זיך געשטעלט אין די אויגן טרערן.

ער נעמט מיך אָן ביים אַקסל און אריינקוקנדיק מיר גלייך אין פּנים אריין, מאַכט ער אזוי:

— נעבעך, נעבעך! עס ווייזט אויס, דאָס ער האָט זייער פיל געליטן. אזוי יונג און האָט שוין נעבעך קיין גאַנץ ביינדל נישט! יאַ, יאַ! — האָט ער זיך אָנגערופן דערנאָך צו מיין יידן — יאַ, ער איזט ווירקלעך פּלומפּ, זייער גאַיוו, תמעוואַטע, אָבער איין גוטער בורשע.

מיין ייד האָט געשוויגן און נאָר געגלעט די וואָנסעם.

— נײן! — האָט דער דײַטש װידער צו מיר געזאָגט — איך װעל דיך, אויף מײַן װאָרט, נישט אָנרירן. דו ביסט דאָך אַזאַ מענטש װי איך, חוץ דעם ביסטו נאָך אַן עלנטער אויך, זײַ רואיק, איך װעל דיך נישט שלאָגן, נו, בלײַבסט בײַ מיר?

— יאָ! — האָב איך געענטפֿערט, און בין געבליבן בײַם דײַטש.

## יא

דער דײַטש איז נעבעך געװען זײער אָרעם, נאָר די אָרעמקײט אָבער האָט בײַ אים אין הויז קײן שליטה נישט געהאַט ארויסצוװײַזן זיך מיט איר אומרײנקײט, פֿוילקײט, אָפּגעלאָזנקײט און מיט אַלע אירע איבעריקע מיאוסע סימני דלות, װי געװײנטלעך בײַ אַלע אַנדערע, און בפֿרט נאָך בײַ יידישע אָרעמע נישט קײן פֿאַרמעגלעכע לײט. אין שטוב בײַ אים איז געװען רײן, אַלצדינג אויף זײַן אָרט. עס האָט געלױכטן, געפֿינקלט אין איטלעכם װינקעלע. די מאַדאַם, זײַן װײַב, האָט אַכטונג געגעבן אין איטלעכער שפּאַרינע, איז נישט געזעסן קײן רגע לײדיק, האָט געקאָכט, געבאַקן, געשמירט, געריבן, געאַרבעט, געגײט, פֿאַרריכט גרעט, און בײַ די אַלע דאָזיקע מלאכות, װאָס מאַכן אַן אַנדערן בײזן װי אַ רוח, איז זי שטענדיק געװען רואיק שטיל, מיט אַ פֿרײלעך פּנים. צו אַלצדינג האָט זי געהאַט צײַט. װי פֿאַרטראָגן אין דער באַלעבאַטישקײט זי איז געװען, איז איר פֿונדעסטװעגן נאָך איבערגעבליבן צײַט צו נעמען אַמאָל אַ בוך אין דער האַנט, צו לײענען און װיסן, װאָס טוט זיך, װאָס הערט זיך אויף דער װעלט. דער מאַן איז בײַ איר געװען געהױכט און געקרוינט. זי האָט פֿון אים אי פֿון זײַן שרײַבן געהאַלטן עולם־ומלואה, נישט צוגעלאָזן צו אים קײן שום עגמת־נפֿש, װאָס האָט אים געקאָנט שטערן פֿון דער אַרבעט און איז געװען מיט אים באמת אײן גוף, אײן נשמה.

זײער עלטסטע טאָכטער, אַ פֿײַנע, אַן אײדעלע, פֿלעגט צוהעלפֿן דער מוטער, פֿלעגט װאַשן, פּרעסן, טאָן װאָס מע באַדאַרף און זײער שײן שטריקן. זי האָט געהאַט אויף איבערצובײטן נאָר אײן קלײד, אָבער װי שײן און רײן איז עס תּמיד געװען, גאָר שפּאָגל־נײַ, װי ערשט פֿון דער נאָדל! אַלע טאָג, אין אײן באַשטימטער צײַט, פֿלעגט זי לערנען מיט אירע צװײ קלײנע שװעסטערלעך, װעלכע זי האָט מדריך געװען, זײ געגעבן אַ גוטע עדוקאַציע, האָט זײ תּמיד געצװאָגן און געפֿירט רײן װײַס אָנגעטאָן.

דער עלטערער זון האָט געלערנט אין אוניװערסיטעט. פֿון דאָרט פֿלעגט ער אָפֿט שיקן אהײם צו די עלטערן הײסע װאַרעמע בריװ, אין װעלכע ער פֿלעגט זײ טרײסטן און בעטן, זײ זאָלן זיך נישט זאָרגן, נישט

אָפּעסן זיך דאָס האַרץ דערפון, וואָס זיי זענען נישט אין שטאַנד אים צו העלפן מיט עפּעס געלט אויף זיינע באַדערפעניש. אמת טאַקע, ס'איז אים אביסל ענגלער, ער ליידט אביסל מאַנגל, אָבער ער האָפט, אז ער וועט ווי-עס-איז זיך אויסדרייען און נישט שטאַרבן פאַר הונגער. „נישקשה, — פלעגט ער אויסלאָזן די בריוו מיט א טרייסט, — דאָס וואָס איר האָט מיר געגעבן, האָבן עס אנדערע רייכע טאַטעס און מאַמעס זייערע קינדער בשום אופן נישט געגעבן; איר האָט מיר געגעבן א סך מער פון געלט: איר האָט מיך געלערנט, אויסגעבילדעט מיין פאַרשטאַנד; איר האָט אויך אויסגע-איידלט מיין האַרץ, אריינגעלייגט אין מיר גוטע געפילן: ליבשאַפט צו מענטשן, רחמנות צו בידנע אומגליקלעכע לייט, און מיך געוווינט זיך צו באַנוגענען מיט ווייניק, איבערצוטראָגן צרות אונטער אַ שלעכטע צייט מיט א פריילעך געמיט — אזעלכע מידות טובות, וואָס רייכע עלטערן קאָנען זיי מיט זייער געלט אליין און מיט דעם גאַנצן פארמעגן זייערע קינדער נישט געבן"... דעם זונס דאָזיקע בריוו פלעגן אלע אין שטוב זייער אָפט לייענען הויך, זיך בשעת מעשה פרייען און צוגלייך זיך באַוואַשן מיט טרערן.

הכלל, דאָס איז געווען זייער א טייערע, זעלטענע פאַמיליע. איך האָב דענסטמאָל אָבער נאָך גאָר אזוי ווייט קיין שכל נישט געהאַט דאָס אלצ-דינג צו פאַרשטיין, אקוראַט ווי איך באַשרייב עס דאָ איצט, איך האָב נישט מער ווי געפילט, אז גוטמאַן און זיין ווייב זענען עפּעס גאָר אַנדערע מיני מענטשן, נישט אַשטייגער ווי לייזער דער שניידער מיט לייזע-ריכען, ווי רב עזריאל דער מלמד מיט זיין פלוניתטע און אויך נישט אפילו ווי דער רייכער צעלניקער מיט זיין דיקער, געזונטער צעלניקערין, די אשת-חיל, וואָס האָט געהאַט א פּיסק אויף שרויפן, געטראָגן א האלדז פּערל, א זיידן קלייד און איינגאנצן איז זי געווען פאַרשמירט, פאַרשלומפּערט. איך האָב מער נישט ווי גלאַט געזען, אז דאָס איז נישט דאָס הויז, נישט, מישטיינס-געזאָגט, יענע יידישע אָפּגעלאָזענע, צעקראָכענע קינדערלעך, נאָר אין תוך אריין אָבער צו פאַרשטיין, ריכטיק אָפּצושאצן דעם ווערט פון דעם דייטשס פאמיליע — דאָס איז דענסטמאָל נאָך נישט געווען פאר מיין מוח.

דער דייטש מיינער איז געזעסן טאָג ווי נאַכט אין זיין באַזונדער צימער, ארום אים האָבן זיך געוואַלגערט ביכער אויפן טיש און אונטערן טיש, און ער האָט אַלץ געשריבן. ער איז געווען אין דעם שרייבן זייער פארטיפט, אריינגעטאָן דערינען מיט לייב-און-לעבן, און מע האָט באַ-שיימפּערלעך געזען, אז ער האָט דערפון חיות. ער פלעגט דערביי אמאָל רעדן צו זיך אליין, לאַכן, אָדער קריצן מיט די ציין, גלייך ווי ער וואָלט

מיט עמעצן עפּעס געהאַט וואָס צו טאָן. האָט מען אים אַמאָל אין דער מיט מפסיק געווען מיט עפּעס אַ זאַך, פלעגט ער זיך אַ כאַפּ טאָן פּלוצעם, גלייך ווי ער וואָלט אראָפּגעפאלן פונעם הימל, האָט געקוקט עפּעס צע־טראָגן און געענטפערט בוידעם, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. איך פלעג נישט איין מאָל מאַכן מיט די אקסלען און אוועקגיין, נישט צו וויסן, וואָס ער האָט געזאָגט. שטיוול האָב איך אים פארשפּאָרט צו פּוצן, וואָרעם ער איז זייער זעלטן ארויסגעגאַנגען. דערפאר האָט ביי אים דער כאַלאַט און די שטעקשיך זייער מיאוס קריאה געריסן.

מיין עיקר אַרבעט איז געווען — פאָלגן אַ גאַנג. ער פלעגט מיך אָפּט שיקן אויף דער פּאָסט, אָפּצונעמען און אויפצולייגן בריוו, אָדער „פּאָסיל־קעס“. אַמאָל פלעגט ער מיך שיקן צו איינעם מיט א קוויטל, אָדער מיט אַ בוך וכדומה נאָך אַזעלכע גענג. דאַכט זיך איז פלוג, האַ, וואָס איז דאָס באר אזא ארבעט? זייער א גרינגע זאך, נאָר אָבער ניין! ס'איז נאָך אַזא בישערע, מיאוסע שווערע ארבעט גאָר נישטאָ. אז איך פלעג אמאָל אָפּטראָגן איינעם אַ קוויטל, פלעגט ער פאַרדרייען שטאַרק מיט דער נאָז, גלייך ווי ס'איז אים פארגאנגען א ריח פון שאַרפן, ערשט אָנגערי־בענעם כריין, און מיט א בייז פּנים מיר הייסן קומען מאָרגן. מאָרגן האָט ער געזאָגט — איבערמאָרגן. איבערמאָרגן האָב איך אים אינדערהיים נישט געטראָפן, און ביים קומען צו אים שפּעטער נאָך אַמאָל, פלעגט ער שוין אויף מיר א היק טאָן: וואָס וויל אָט־אָ־דאָס ייִנגל פון מיר האָבן? עפּעס איז דאָך פון אים נישט פּטור צו ווערן! אן אנדערער פלעגט פּשוט אָנזאָגן זיינע משרתים, מע זאָל מיך נישט לאָזן אויף דער שוועל; א דריטער פלעגט איבערלייענען דאָס קוויטל, קווענקלען זיך און אַוועקגיין, מיר נישט צו זאָגן אפילו א וואָרט; א פערטער פלעגט זיך אָנרופן: זאָג דעם הער דיינעם, אז איך בין נישטאָ אינדערהיים! פארשטייסטו?... הכלל, מען פלעגט מיך טרייבן, אויסוייכן ווי אן עיפּוש. אז מען האָט מיך נאָך דער־זען פון דערווייטנס מיט אַ קוויטל צי מיט אַ ביכל, פלעגט מען פראָסט די טיר פארשליסן, אָדער אָנרייצן אויף מיר א הונט — א משרת... מע האָט געזען, אז פיל פון יענע באַלעבאַטים, צו וועלכע איך בין געגאַנגען באַקומען פּשוט דעם שלאַק, דער רוח נעמט זיי פאר א ביכל, עם מאָר־דיעוועט עפּעס מיט זיי די ביינער. פארוואָס זיי האָבן דערפאר אזוי מורא? — דאָס האָב איך דענסטמאָל נישט געקאָנט פארשטיין. האָט איינער אונטער צען אַמאָל זיך שוין דערבאַרעמט און צוגענומען א ביכל, פלעגט ער עס באַלד טאַקע א שליידער געבן צו אַלדי שווארצע יאָר, ערגעץ אונטער א בעט, אָדער אונטער א באַנק, און מיר געבן א צעריסן קערבל אָן א נומער... יענע צייט איז פאר מיר געווען זייער א ביטערע.

איך ווינטש, אַלע מיינע שונאים זאָלן געפּרוווט ווערן, גיין מיט ביכלעך צו יידישע נגידים, הערן דערביי זייערע שטעכווערטלעך, זען, ווי עס ענ־דערט זיך זיי דאָס געשטאַלט, ווי זיי בלאָזן זיך אָן, ווערן אש־להבא, און אָנקוקן זייער פּינצטער פּרצוף־פּנים!

מיין יידל, אָדער הער יאַקאָבזאָן, פּלעגט אָפּט קומען צום דייטש, שפּעט ביינאַכט, זיצן דאָרט אַ ביסל און שמועסן. און ווען איך בין נישט מיד געווען, פּלעג איך אַמאָל זיך צוהערן אונטער דער טיר צו זייער שמועס, גלאַט אַזוי, אַבי די צייט צו פאַרטרייבן. אייגמאָל האָב איך גע־הערט, ווי יאַקאָבזאָן האָט עפּעס דערציילט פון א דאָקטאָר שטיינהערץ און זיך אַליץ שטאַרק געחידושט.

— עט — האָט גוטמאַן זיך אָנגערופן — וואָס חידושט איר זיך דאָ אזוי, הער יאַקאָבזאָן, און ווערט נתפּעל? דער דאָקטאָר שטיינהערץ איז א קליין מענטשעלע און דעריבער טאַקע איז ער אזוי רייך און ביי איטלעכן גאָר די נשמה. איז עס דען ביי אייך אַ נייס? עס פאַרשטייט זיך, אז מען ווערט א קליין מענטשעלע, איז מען דאָס לעבן און מע דער־גרייכט אלצדינג אויף דער וועלט.

איך בין פאַרצאַפּלט געוואָרן, הערנדיק די דאָזיקע ווערטער. ס'מיינט, גוטמאַן, מיין הער גוטמאַן, זאָגט אויך, אז א קליין מענטשעלע איז די נשמה און איז רייך!... פאַר גרוים וווגדער האָב איך אַ שפּרונג געטאָן, זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און בין געווען שטאַרק צעטראָגן. גוטמאַן אָבער האָט מיך גראָד א רוף געגעבן, און אז ער האָט דערזען מיין נאַריש פּנים דענסטמאָל, איז אים אוממעגלעך געווען זיך איינצוהאַלטן, נישט צו טאָן א שמייכל. מיין יידל האָט אָנגעקוקט מיך, געשאָקלט מיט דעם קאָפּ און געמאַכט: ע־ע! ער איז נאָך טאַקע אַליץ תמעוואַטע, דער אייגענער לעקעש וואָס פריער!...

אין א קורצער צייט ארום האָב איך ווידער געהערט אונטער דער טיר, ווי יאַקאָבזאָן האָט אין א שמועס גערעדט פון איסר וואַרגער, ווי רייך און גליקלעך ער איז, אין שטאָט דער גאַנצער פּירער. זיין השיבות, זיין שטאַרקייט איז עפּעס גאָר שלא כדרך הטבע!

— ס'איז גאַנץ פּשוט — האָט גוטמאַן געזאָגט — איסר וואַרגער איז אַ קליין מענטשעלע, און איז ביי דעם גביר די נשמה. דאָס אַלצדינג איז דווקא כדרך הטבע, ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, און מע האָט זיך דאָ גאָר נישט צו חידושן.

— יאָ, טאַקע זייער אמת, גוט אויף דער וועלט איז טאַקע נאָר אַ קליין מענטשעלע! — האָט יאַקאָבזאָן געזאָגט מיט א זיפץ, זיך באַלד טאַקע געזעגנט און אוועקגעגאַנגען.

## יב

ברוך־הבא, קליין מענטשעלע! ווידער דאָס קליינע מענטשעלע, נאָך אַ מאָל טאַקע מיינע ערשטע, פריערדיקע געדאַנקען! דאָס קליינע מענטשעלע איז מיר געווען זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט, פונקט ווי געווונטשן, אין דער רעכטער צייט, ווען איך בין געווען זייער צעבראָכן, דערשלאָגן פון די צרות, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען, און בין שטאַרק גערן געווען כאָטש אַ ביסל זיך אויסצורוען. אַ גאַנצע נאַכט, נאָך דעם פריערדיקן שמועס, האָב איך שטאַרק אומרואיק מיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער און ביי מיר אַלץ געטראַכט אַזוי: איסר וואַרגער איז אַ קליין מענטשעלע, א נשמה, און א רייכער גליקלעכער מענטש. הייסט דאָך עס, אפנים, אַז מען איז אַ קליין מענטשעלע איז מען אַ רייכער, אַ גליקלעכער! און אַפנים טאַקע, ווי ס'זעט אויס, קאָנען מענטשן ווערן קליינע מענטשעלעך, אויב נאָר זיי ווילן. און אַז זיי ווערן קליינע מענטשעלעך, ווערן זיי אי רייך, אי גליקלעך און דערגרייכן אַלצדינג אויף דער וועלט. האָב איך דאָך טאַקע, אַט אפנים, זייער רעכט, וואָס מיר האָט תמיד זיך געגלוסט ווערן א קליין מענטשעלע. יאָ, דאָס אַלצדינג איז רעכט, טאַקע זייער גוט! די שאלה איז אָבער, וויאַזוי ווערט מען אַ קליין מענטשעלע? ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? ווען אַפילו איך זאָל מיך דאָ אַפילו בייגן, קרימען, איינהויקערן זיך אין צענטן, וועל איך דאָך פאָרט נישט ווערן א קליין מענטשעלע. אפנים, אַז אַ קליין מענטשעלע צו זיין איז אַ גרויסע קונץ, טאַקע אַ קונץ, וואָס אַ קונץ הייסט, נאָך אַ גרעסערע ווי צו מאַכן מיט דער רייף און אַלע אַנדערע קאָמעדיאַנטסקע קונצן. דרינען מוז אַוודאי שטעקן עפּעס אַ גרויסע המצאה, וואָרעם זיסט, וואָלטן דאָך אַלע געקאָנט זיין קליינע מענטשעלעך, נשמהלעך, רייכע און גליקלעכע לייט!...

אָט די דאָזיקע אַלע געדאַנקען האָב איך זייער לאַנג אַלץ געטראַכט, געטראַכט אויף מיין געלעגער, און אַז איך בין לסוף אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט מיר זיך געחלומט וונדערשיינע זאַכן.

עס האָט מיר זיך געחלומט, איך באַגעגן אויף דער גאַס אַ קליין מענטשעלע, וואָס אַרבעט מעשים, דרייט זיך און וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן.

אַט שפּרינגט עס צו צום קהל־שטיבל, כאַפּט זיך דאָרט אַריין צווישן אַ גע־זעמל קהלס־לייט, הרייט און מאַכט מיט זיי נעבעך די קאָמעדיע. דער עולם לאָזט זיך גישט לאַנג בעטן, נעמט זיך צום בייטל און באַצאָלט איטלעכן גאַנץ פיין פאַר די אָנשטעלן... פונדאַנען איז עס, דאָס קליינע מענטשעלע הייסט עס, ווי אַ גילגול אַריין צו דעם בעל־טאַקסע אין בוזעם, אים גע־טאָן אַ געשמאַקן קיצל, ביידע האָבן געלאַכט, עס האָט זיי עפּעס משונה הנאה געטאָן, און דערנאָך איז עס אַרויס צוריק אינגאַנצן ווי אָפּגעגילדט פונעם בעל־טאַקסעס קעשענע. דער בעל־טאַקסע נעבעך האָט דריי מאָל אויסגעשפּיגן און באַלד טאַקע זיך געמאַכט גאָר אַנדערע קעשענעס!... פו־נעם בעל־טאַקסעס קעשענע איז עס פּוץ אַריין אין דעם מויל פון אַ פּאָר שיינע נפשות, בשעת זיי האָבן זיך געזעצט מאַכן „ספּראַוועטשנע צענעס" אויף פלייש. נאָר־וואָס זיי זענען גרייט געווען אַרויסצוזאָגן: פינף און פער־ציק גראָשן אַן אָקע, האָט עס זיי עפּעס אַ שמיר געגעבן, אַריינגעכאַפּט זייער צונג אין זיין הענטל, די שיינע נפשות, נעבעך, האָבן זיך פאַראיקעט און גאָר אַ זאָג געטאָן: „זעכציק!"... פון זייער מויל, וואָס איז געוואָרן, גישט פאַר קיין יידן געדאַכט, אַ „כאָליעווע", האָט עס ווי אַ דיבוק, זיך אָנגע־טשעפּעט אין אַ גבירל, מיט אים געדרייט־געדרייט, געקערט וועלטן און גע־מאַכט פון אים אַ לעדערנעם דישעל... פון דעם לעדערנעם דישעל איז עס מגולגל געוואָרן אין אַ „קאָבלעפּל". פונעם קאָבלעפּל אין אַ טלית־קטן און אין אַ קורץ רעקל, און פלוצעם זיצט עס גאָר רייטנדיק אויף דעם ראש, אויף דעם קהלשן צאַפּ, וואָס פּיטערט זיך געוויינטלעך צווישן דער טשערע־דע שטאָט־בהמות!... הכלל, דאָס קליינע מענטשעלע האָט געאַרבעט, גע־טאָן, און אַלצדינג, וואָס עס האָט געטאָן, איז עפּעס אויסגעקומען גאָר גוט, גוט און גוט. איך האָב אים אַזוי שטאַרק מקנה געווען, אז איך האָב אַזש אָנגעהויבן מיך צונויפּציען, האָב אַרונטערגענומען די פיס אונטער זיך, זיך געקרימט, געקוועטשט און איינגעהאַלטן דעם אָטעם, ביז איך האָב אויפגעהערט צו דענקען, צו פילן, צו זען און צו הערן — און פלוצעם בין איך, אַזוי ווויל איז מיר, געוואָרן אַ קליין מענטשעלע, אַזוי קליין ווי אַ פלוי! איך האָב מיך פשוט מחיה געווען. ס'איז מיר אָפּגעגאַנגען די בייגער, ליכ־טיק געוואָרן אין אַלע רמ"ח אברים. באַלד טאַקע בין איך געוואָרן אַ נשמה, ביי איטלעכן דאָס לעבן, און דאָס גליק האָט מיר אָנגעהויבן צו גיין פון אַלע זייטן. איך בין געפאָרן אין אַ קאַרעטע, אָנגעטאָן ווי אַ שררה, אַלע האָבן מיר אָפּגעגעבן כבוד, מיר צוגעטראָגן דאָס שענסטע, דאָס בעסטע, מיין קוויטל איז נעגאַנגען. איך האָב געטאָן, וואָס איך וויל, און געפירט די גאַנצע שטאָט ביי דער נאָז. איטלעכער האָט פונדערווייטן אויף מיר גע־טייט מיט די פינגער: זעט, זעט! אָט פאָרט די נשמה, אָט גייט די נשמה,

אָט רעדט דאָרט עפּעס די נשמה, אַך, קוקט נאָר אָן די נשמה! שאַ! וואָס זאָגט עפּעס די נשמה? וואָס, איר האָט גרן־געלט? ליגט עס איין ביי הער נשמה! איר האָט עפּעס א משפּט, א בוררות? גייט, כ'לעבן, צו דער נשמה! איר באַדאַרפט אפשר האָבן אַ טובה? צו אַ טובה איז נאָר די נשמה! א חכם, א בעל־עצה, וא חשוב, א מאכער, א גבאי, א צונויפנעמער — אין מאַקע נאָר די נשמה!...

פּלוצעם אָבער האָב איך אָנגעהויבן זיך אויסצוגלייכן, אויסצעציען, עפּעס האָט אָנגעהויבן ליכטיק צו ווערן מיר אין די אויגן — און גוט־מאָרגן דיר, ממזרוק, איציק־אברהמל! איך אַליין טאַקע ליג, ווי ביים טאַטן אין ווײַנהויז, אויף מיין געלעגער. איך טאַפּ מיך: דאָ אַ טאַפּ, דאָרט אַ טאַפּ, יאָ, ווי איך בין אַ ייד, איך בין עס טאַקע אַליין! איך שלימזל מיט מיין אייגענעם כבוד, אינגאַנצן ווי גרויס איך בין. פונוואַנען, טראַכט איך, האָב איך עס פּלוצעם דאָ מיך גענומען? אַך, האָב איך עס אַ ביסל מיך פיינט געהאַט, פאַרוואָס איך בין אויפגעשטאַנען און פאַרוואָס איך בין עס טאַקע אַליין!

גו, — האָב איך דערנאָך ביי מיר געטראַכט — נישקשה! איך וועל שוין דערגיין, וויאַזוי מען ווערט אַ קליין מענטשעלע. מיין טויט זאָל דאָ אַפילו זיין, מוז איך עס דערגיין. דאָ האָב איך באַלד אָנגעהויבן ווידער צו טראַכטן אַזוי: בשעת מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך בין געוואָרן אַ קליין מענטשעלע — אַ רייכער, אַ גליקלעכער, אַ פיינע־בריה און אַ גאַנצער מאַכער אין שטאָט, האָב איך דענסטמאָל, דאַכט זיך, אויפגעהערט צו דענקען, צו פילן, צו זען און צו הערן, איז דאָך, אַפּנים, משמע, אַז מע קאָן אַנדעריש נישט זיין א קליין מענטשעלע, סיידן טאַקע מע מוז פריער אויפהערן צו דענקען און צו פילן, דאָס הייסט, פּשוט איז פּשוט, מען זאָל לגמרי גאָר נישט דענקען, גאָר נישט פילן, יענער זאָל אַפילו דאָ פאַר דיר די כפרה ווערן און זיך אַ מעשה אָנטאָן. נאָר וואָס טוט מען אָבער דערצו? וויאַזוי הערט מען עס אויף צו דענקען און צו פילן? עס איז דאָך טאַקע די גאַנצע מלאכה, דרינען ליגט דאָך טאַקע דער הונט באַגראָבן! איך בין געפאַלן אויף אַ המצאה — פרעגן מיין הער. איך האָב אָבער צוריק טאַקע זיך מיישב געווען: ס'טייטש, ווען גוטמאַן זאָל וויסן דעם סוד דערפון, וואָלט ער דאָך אַליין נעבעך געוואָרן אַ קליין מענטשעלע! ער וואָלט דאָך געווען רייך, זיך נישט אַזוי געמאַטערט, נישט אַזוי געליטן נויט און פאַרשפּאָרט זיך נעבעך שוואַרצן דאָס פּנים, שיקן ביכלעך און אונטערוואָרפן זיין די מיינונגען פון איטלעכן באַזונדער. איך האָב איבערגעקלערט די זאַך אויף אַלע זייטן און בין געבליבן ביי גאָרנישט.

דעם גאַנצן טאָג דערנאָך בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אַ דולער: עס האָט
מיר זיך געשפּאָלטן דער קאָפּ, איך האָב נישט געוווּסט, וואָס איך טו און
אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין. צו וואָס איך האָב מיך צוגערירט, האָב
איך אָנגעמאַכט שאָדן. איך האָב יענעם טאָג צעבראָכן צוויי טיי=גלעזער;
עטלעכע פאָרצעלאַיענע טעלער זענען מיר פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן;
האָב איבערגעקערט אַ טינטער מיט טינט און פאַרביטן די יוצרות ביים
סאַמאָוואַר: אין דעם אָרט פונעם וואַסער האָב איך אַריינגעשאָטן קוילן
און אין דעם אָרט פון די קוילן אַריינגעגאָסן וואַסער. אַלע אין שטוב האָבן
מיר אָנגעקוקט שטאַרק פאַרוווּנדערט, זיך געשושקעט און געפילט, אַפּנים,
אַז ס'איז מיט מיר עפּעס נישט גלאַטיק. גוטמאַן האָט, אָנווייזנדיק אויף מיר
דער מאַדאַם זיינער, אַנידערגעלייגט אַ פינגער אויפן שטערן און איך גע=
זאָגט שטיל: ביים יינגל איז דאָ, אין קאָפּ, עפּעס נישט רואיק. נאַריש
תמעוואַטע האָט ער תמיד אויסגעזען, נאָר היינט זעט ער עס נאָך מער אויס.
ער איז נעבעך ווי שטאַרק דערשלאָגן, ער איז נאָך גאָר אַ קינד!...
אַ לאַנגע צייט בין איך געווען עפּעס בייז ווי צען רוחות, זיך אַלץ גע=
קרימט, נישט געווען צופרידן, נישט מיט זיך און נישט מיט קיינעם אין
דער וועלט. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט שרעקלעך שטאַרק, עס האָט
מיר דאָרט אינעווייניק גערוישט, זיך גערודעוועט ווי אין אַ מיל, עפּעס ווי
אַ קול האָט מיר אַלץ געשריגן: יצחק=אברהם! וואָס וועט פון דיר זיין פאַר
אַ תכלית, ביזוואַנען וועסטו אַזוי פאַרשוואַרצט ווערן און זיין פאַרוואָגלט?
ווער אַ קליין מענטשעלע, יצחק=אברהם! טו אַלצדינג, וואָס דו קאָנסט, און
ווער אַ קליין מענטשעלע, וועסטו לעבן גליקלעך, אין עושר, אין כבוד און
אייסגלייכן דיר דיינע ביינער!... דאָס קול האָט נישט אויפגעהערט קיין רגע
מיר צו פּיקן דעם קאָפּ. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אַ נעבטיקער, שטאַרק
צעמישט און מיר קיין עצה נישט געקאָנט געבן, וואָס מע טוט, וואָס מע
הייבט אָן. פּלוצעם איז מיר ווי אַ בליץ אַריין דער געדאַנק — זיך שטעלן
פאַר אַ משרתל ביים דאָקטאָר שטיינהערץ! ביי אים וועל איך גאַנץ גוט מיך
צוקוקן צו איטלעכן פּיצעלע און מיט דער צייט דערגיין דעם סוד, וויאַזוי
מע ווערט אַ קליין מענטשעלע.
מע באַדאַרף זיין אַזאַ מעגעגע, אַזאַ דערשלאָגן יינגל, ווי איך בין גע=
ווען, צו פאַרשטיין מיין האַרץ דענסטמאָל און די משונה שטאַרקע געפילן,
וואָס דער דאָזיקער געדאַנק האָט אין מיר אויפגעוועקט. איטלעכער אויף
דער וועלט, אַפילו אַזעלכע, וואָס פאַרשטייען אַן עסק, גאַנץ קלוגע אין
מילא=דעלמא=זאַכן, טאַקע איטלעכער, ווי איך האָב עס שפּעטער מיט דער
צייט אַרויסגעזען, האָט זיך זיינע מאַנקאָליעס, זיינע זאַבאָבאָנעס, זיינע
נאַרישקייטן, שגעונות, וואָס ער רעדט זיי זיך איין, וואָס עס ליגן אים איינ=

געבאַקן אין האַרץ, און איטלעכנס איינגערעדטע זאַכן קומען פֿאַר דעם אַנדערן עפּעס משוגה ווילד, אָן טעם, אָן ריח. קיינער קאָן נישט אַריין אין יענעמס לאַגע, פֿילן זיין האַרץ און פֿאַרטראָגן זיינע נאַרישקייטן, איטלע־כער געמט נאָר אַ ראיה פֿון זיך; איינער לאַכט פֿונעם אַנדערן און אַלע זענען משוגע!...

איך האָב אויסגעזוכט אַ מעקלער, אים צוגעזאָגט אַ שיין מעקלעריי, אַז ער זאָל מיך אַריינדרייען פֿאַר אַ משרתל ביים דאָקטאָר שטיינהערץ. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, האָב איך אָפּגעטראָטן, כמעט זיך אָפּגע־טראָגן פֿון מיין גוטן העף גוטמאַן, פֿאַרגעסן דעם זיי־געזונט און איבער־געגאַנגען אויף מיין ניי אָרט צום דאָקטאָר!

### יג

מיט מיין אַריבערטרעטן דעם ערשטן מאָל די שוועל פֿונעם דאָקטאָרס הויז בין איך געגליכן געוואָרן נאָר צו אַ וואַנץ, וואָס כאַפּט זיך אַריין צו־גאַסט אין אַ שפּעלטל פֿון אונדזער בעט, זיצט דאָרט איבער דעם גאַנצן טאָג, אַרויסגעמענדיק זיך די אויגן קוקנדיק, ווען וועלן מיר, מענטשן, זיך שוין אָפּפּאַרטיקן פֿון אונדזערע געשעפֿטן, זיך אַריינלייגן אין בעט, זיי זאָלן שוין קאָנען למזל מאַכן מיט אונדז באַקאַנטשאַפֿט, איבערשמועסן אַביסל מכוח דער פּרנסה. די גאַנצע כוונה פֿון איר קומען איז דאָך טאַקע נאָר דאָס שטיקל פּרנסה — צו האָבן פֿון אונדז, פֿיינע בריות, די יניקה... דער דאָקטאָר שטיינהערץ, דער פֿיינער בריה, איז פֿאַרטראָגן געווען ער־געץ אין וויכטיקע זאַכן, געשאַרט גאָלד פֿון אַלע זייטן, און אים איז גאָר אויף דעם זינען נישט געקומען, אַז היינט פֿרי האָט צו אים אין הויז זיך פֿאַרקליבן עפּעס אַ וואַנץ — ממזרוק איציק־אברהמל, וואָס וועט אים דאָ גוט נאָכקוקן אַלע זיינע גענג, כאַפּן דעם סטרי זיינעם אין דער פּרנסה און לערנען זיך ביי אים די קונץ, ווי צו פֿאַרוואַרפֿן זיך אין אַ קליין מענטשעלע.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך געאַרבעט, געטאָן די מלאכות, וועלכע די מאַ־דאַם האָט מיר געגעבן, און שטילערהייט אין האַרץ אלץ געגאַרט, אוי, איך זאָל שוין דערלעבן זען דאָס קליינע דאָקטאָרל! מיטאַמאָל עפֿנט זיך פֿאַר־נאַכט אויף די טיר און עס קומט אַריין אַ הויכער מענטש, אַ בורלאַק מיט אַ בויך, הויך און גרויס ווי גוג־מגוג. קוים וואָס איך האָב אים נאָר דער־זען, האָב איך אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און אים אָנגעקוקט, אויף מיין שטייגער, שטאַרק תמעוואַטע. דעם בורלאַק איז מיין קוקן נישט געפֿעלן. ער האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט זיינע אויגן און אויף מיר בייז, אויף יוואָניש, אַ היק געטאָן:

— טשטאָ טי טאַק סמאָטריש, באָלוואַן![1]

אַזאַ לשון האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט, איך בין געוואָרן צעמישט. האָב אָנגעהויבן ציטערן, פלאַטערן און אַ זאָג געטאָן, אַליין נישט צו וויסן, וואָס דאָס מויל רעדט:

— איך הייס איציק־אַברהמל, הייס איך... אברהמקע!... איך בין אַ יתום... דאָ אַ משרתל, בין איך דאָ!...

— ווידנאָ טשטאָ טי באָלשאָי דוראַק![2] — האָט זיך אָנגערופן דער בורלאַק — נו זשע דו, פון הייגט אָן סמאָטרי![3] אַז איך וועל קומען, זאָלסטו פון מיר געשווינד אַראָפּנעמען דעם פעלץ, די קאַלאָשן, סלישעש?![4]

איך האָב מיך פאַר אים עפּעס אַזוי איבערגעשראָקן, אַז איך האָב אינגאַנצן, ווי גרויס איך בין, מיך דערלאַנגט אַ וואָרף אויף דער ערד און שטאַרק אַרומגעכאַפּט מיט מיינע הענטלעך דעם בורלאַקס געזונטע פיס, אויסצוטאָן אים די קאַלאָשן. גאָט האָט מיר געהאָלפן איבערצוקומען בשלום דעם דאָזיקן שרעק און דער בורלאַק איז אין זאַל אַריין. איך האָב שפּעטער אַ ביסל אַריינגעבראַכט דעם סאַמאָוואַר און אַ גאַנצן אָוונט דעם שיינעם פאַרשוין מיט דער מאַדאַם באַדינט.

ביינאַכט האָב איך אויף מיין געלעגער אַלץ געטראַכט, ווער זאָל עס זיין אָט דער דאָזיקער בורלאַק, אָט־אָ דער פּעמפּיק? אַ גאַנצע נאַכט זיצט ער עפּעס אַליין מיט דער מאַדאַם און מאַכט איר קוצעניו־מוצעניו, ער זי — ליובעניו, און זי אים צוריק — קעצעלע. וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ מין קעצעלע? און וווּ איז ערגעץ, וווּנדער איך מיך, דער דאָקטאָר אַליין — אַזוי האָט אַ פּאָר טעג כסדר דער פּעמפּיק געמאַכט זיינע לאַנגע וויזיטן. ווי ער איז גאָר ארויס אָדער אריינגעגאַנגען, האָב איך מיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, אָנצוטאָן אָדער אויסצוטאָן די קאַלאָשן. ער פלעגט בשעת מעשה זיך האַלטן ביי די זייטן און קוקן מיט גדלות אויף דער סטעליע. ס'איז אים קיין פּיצל אַפילו נישט אָנגעגאַנגען, אַז ער האָט מיט זיינע גראָבע פיס, ווי מיט קאָפּיטעס, מיר צוגעקלעמט די פינגער. איך האָב טאַקע לעת־עתה נאָך אַלץ נישט געוווסט, ווער זאָל עס אַזוינס זיין, אָט דער פּעמפּיק, אָט־אָ דער געזונטער עשו?

---

[1] וואָס קוקסטו אַזוי, נאַר!

[2] זע זעט, אַז דו ביסט אַ גרויסער שוטה!

[3] גיב אַכטונג!

[4] דו הערסט?

אָפּגעפּאַרטיקט זיך איינמאָל אין אָוונט פֿון מיין אַרבעט און איבערגעלאָזט דאָס קעצעלע שפּילנדיק זיך מיט דער ליובעניו, בין איך מיר אַרונטערגעגאַנגען אונטן אין דער קיך, אַ ביסל בעסער באַקאַנט צו ווערן מיט דער קעכנע, און האָב זי דאָרט אַגב עפּעס מיט אַ רחמנות־פּנימל געטאָן אַ פֿרעג:

— זאָגט מיר, דוואָסיע, איך בעט אייך, ווער איז עס אָט־אָ דער, וואָס קומט אָפּט צו גאַסט? וואָס איז עפּעס אַ גאַנצער שמעלקע מיט דער מאַדאַם און שלאָפֿט... אין ספּאַלניע?

— האַ, וואָס?! — האָט די קעכנע געמאַכט און מיך אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט — וואָס זאָגסטו? ס'טייטש, עמעצער שלאָפֿט אין דער ספּאַלניע! וואָס הייסט עמעצער?

— ווי איך בין אַ ייִד! — האָב איך מיך אָנגעהויבן צו שווערן — זאָל איך אַזוי אויפֿגעריכט ווערן! זאָל איך אַזוי הערן שופֿר של משיח, ווי איך אַליין מיט מיינע אייגענע אויגן און אויערן האָב אים געזען און געהערט אַריינגיין אַהין! ס'טייטש, אוודאי, איך זאָל מיט אייך טאַקע אַזוי געזונט און גליקלעך זיין! ווי הייסט ער עפּעס דאָרט ביים שפּיץ־נאָמען, קעצעלע, צי קאָמערל? ווייסט אים דער שוואַרץ יאָר!

— נו, און דער באַלעבאָס? — האָט די קעכנע געפֿרעגט מיט אַ פֿרייַלעך פּנימל און די אייגעלעך האָבן איר זיך צעפֿלאַקערט, אַזוי ווי אין אויוון בשעת חלה־באַקן.

— דער באַלעבאָס! — האָב איך געענטפֿערט און ביי דעם נאָמען עפּעס אַביסל געשמאַכלט, ווי איינער וואָס ווערגט זיך און וויל פֿאַר יענעם עפּעס נישט אַרויסרעדן — דער באַלעבאָס גנעכטיקט, אַפּנים, נישט אינדערהיים. ער האָט געמוזט ערגעץ אַוועקפֿאָרן אַרבעטן אין זיין עסק...

— נו, אַז ס'איז יאָ אַזוי די מעשה — האָט די קעכנע געזאָגט מיט עפּעס אַ ווילד געלעכטערל — בין איך טאַקע אַ בעלן אַליין אַרויפֿצוגיין זען. איך וועל מיר אויסזוכן עפּעס אַן אויסרייד. ס'איז כדאי, כ'לעבן, צו זען, אַז די דאַמעס זענען נישט בעסער פֿון די דינסטן... זאָלן זיי נישט מאַכן אַזוי קיין חן!

אין עטלעכע מינוט אַרום איז די קעכנע צוריק אַראָפּגעקומען פֿאַרפֿלאַמט, רויט אָנגעצונדן ווי אַ העליש פֿייער און האָט אויף מיר געבעדגעעפֿנט אַ פּיסק מיט טויטע קללות:

— אָ דו עכבּרש, יונגאַטש איינער! ביסט דאָך ווערט, מע זאָל דיך דאָ צערייסן ווי אַ הערינג, זאָל מען דיך צערייסן! ס'איז דאָך אַ העזה פֿון

אַזאַ סמאַרקאַטש, פון אַזאַ פאַרשטונקענע נשמה, פון אַזאַ שטיק פלייש, אַזאַ
װערעמדיק בחורל! אברהם עזות=פנים, צו דיין קאָפּ, צו דיין לייב=און=לעבן!
װאָס עס האָט געזאָלט זיין מיר און כל=ישראל, רבונו=של=עולם, א=א, קיין
תחית=המתים זאָלסטו נישט אויפשטיין! אַזוי יונג און קאָן שוין צוגויפפירן
אַ װאַנט מיט אַ װאַנט, לאָקש — בוידעם — פאָלעצע! ס'טייטש, אויף קיין
גוט אָרט זאָלסטו נישט ליגן, דער הער אַליין, ס'טייטש, זיצט דאָך עס מיט
דער מאַדאַם דאָרט אין ספאַלניע!

— גאָט איז מיט אייך, דוואָסיע! װאָס זאָגט איר? — בין איך אַרויס
מיט דער שפּראַכע פאַרריכטן מיין מזל ביי דער קעכנע — באַטראַכט
זיך גאָר, דוואָסיע, װאָס איר רעדט. ס'טייטש, אָט=אָ דער הויכער בור=
לאַק, אָט=אָ דער גראָבער פעמפּיק!...

— אַ רוח אין דיין טאַטנס=טאַטנס=טאַטנס=טאַטן אריין, שייגעץ! —
האָט די קעכנע זיך צעשריגן אויף אַ קוויטש און אַ כאַפּ געטאָן די קאָטשע=
רע — סטייטש, שייגעץ, דעם באַלעבאָס רופסטו בורלאַק, רופסטו, שיי=
געץ! אַרויס, שייגעץ, װאָרום איך װעל דיר דאָ פּלעטן דעם קאָפּ!

איך האָב מיך אַרויסגערוקט געשווינד פון דער קיך און בין מיר ווי=
דער אַרויפגעגאַנגען אויבן, שאַ=קיטש. אַז איך האָב מיך אַנידערגעלייגט
אויף מיין אָרט אין פאָדערצימער שלאָפן, האָב איך נישט געקאָנט פאַר
גרויס וווגדער קיין אויג צומאַכן און אַלץ ביי מיר געטראַכט: װאָס הער
איך און װאָס זע איך? דער דאָקטאָר איז גאָר אַ הויכער, אַ גרויסער, אַ די=
קער! הייגט װאָס זשע האָט גוטמאַן געזאָגט, ער איז אַ קליין מענטשעלע?!
זאָל גוטמאַן זאָגן אַ ליגן, אַזאַ גראָבן ליגן? ניין, עס קאָן נישט זיין! גוט=
מאַן האָט קיינמאָל קיינעם נישט אָפּגענאַרט, װאָס גוטמאַן האָט געזאָגט,
איז תמיד געווען אמת. װאָס טוט זיך דאָ אַזוינס? דאָ מוז אַוודאי עפּעס
זיין... צי שטעקט דרינען נישט אפשר גאָר אַ כישוף, אַ קאָמעדיע? וויבאַלד
אַז מענטשן קאָנען אַמאָל זיך פאַרוואַרפן אין אַ װאָלף, אין אַ װאָלקעלאַק,
און אָננעמען אַלערליי געשטאַלטן, װאָס דאָס איז דאָך אַ געוויסע זאַך, אַזוי
קלאָר ווי דער טאָג, װאָרעם איך האָב עס אַ סך מאָל געהערט דערציילן
פון אַלטע יידן מיט גריין=גרויע בערד, מילא, איז דאָך גאַנץ גרינג צו
גלויבן, אַז מענטשן קאָנען אויך זיך פאַרוואַרפן אין קליינע מענטשעלעך און
פֿורכדעם מאַכן אַ גליק! גאָר אַ מאָל, האַ! אַז אַ מענטש קאָן ווערן אַ װאָלף,
אַ חיה=רעה, װאָס לויפט אַרום משוגענערווייז און בילט, װאָס פרעסט און
איז מזיק װעמען ער באַגעגנט, איז דאָך פון אַ מענטשן אין אַ קליין מענ=
טשעלע זיך צו פאַרקערן עפּעס גאָר נישט אַזוי שווער. מען בלייבט דאָך טאַ=
קע ביי דעם פריערדיקן געשטאַלט, מיט דעם אייגענעם פנים, ווי איטלעכער,

נאָר פון גרוים ווערט מען קליין... יאָ, איך גיי, דאַנקען גאָט, האַלט זיך, אויף אַ שטיקל דרך. די מעשה דערפון איז, אַפּנים, טאַקע אַזוי. דאָ שטעקט עפּעס אַ המצאהלע, אַ פּאָקוס! מע מוז די זאַך באַטראַכטן, גוט נאָכקוקן און השתּגיין דעם סוד, די וועלט זאָל אַפילו זיך איבערקערן!

מיט דעם דאָזיקן נייעם געדאַנק מיינעם, האָט מיין קינדערישער שכל, ווי איך זעט, געשטעלט פעסטער אַ פּיסל און שוין געמאַכט אַ טריט ווייטער. אָנשטאָט וואָס פריער איז מיין גלויבן אין דעם קליינעם מענטשעלע געווען מגושם, שטאַרק קינדעריש — עס קומען גלאַט בפּשטות אויף דער וועלט אַראָפּ פאַרטיקע קליינע מענטשעלעך, איז ער איצט שוין אויסגעפיינטער, אויסגעאיידלטער, עס ליגט שוין אין אים אַ כוונה, עפּעס אַ כוח, אַ רוחניות־זאַך מיט אַ דרך־הטבע, דאָס הייסט: קומען אויף דער וועלט קומען מענטשן טאַקע אַלע גלייך, ווי זיי זענען, נאָר אַ טייל מענטשן קאָנען זיך פאַרוואַרפן און ווערן אַמאָל קליינע מענטשעלעך דורך שמות, דורך רוחות, דריגען ליגט שוין נאָר עפּעס אַן אויבער־הסברה!...

און איך בין אין עטלעכע טעג אַרום געשטאַנען אונטער דער טיר, וואָס גייט פון דעם פּאָדערצימער אין דעם דאָקטאָרס קאַבינעט אַריין, איז מיר אויסגעקומען צו האָרכן אַזאַ מין שמועס צווישן דעם דאָקטאָר און דעם רופא זיינעם.

— היינטיקע וואָך, דאָקטאָר, האָט איר געהאַט אָן עין־הרע זייער אַ גוטע. איך האָב אייך, נישקשה, אַ סך צוגעשאַרט. איך טו פאַר אייך דאָס מייניקע בשלמות. צעפּויק אומעטום אייער גרויסקייט, וואָס נאָר עפּעס זאָג איך, מע באַדאַרף האָבן אייך, אייך, נאָר אייך, און איר פאַר מיר, דאָקטאָר, מאַכט זיך נישט ווויסנדיק.

— וואָס זאָגסטו, געצל? ס'טייטש, און נעכטן, ערשט נעכטן?

— וואָס, דאָקטאָר, נעכטן? וואָס איז אַזוינס געווען נעכטן?

— ער האָט אַ קורצן זיכרון! ווי הייסט, דו האָסט פאַרגעסן, געצל? צוליב וועמען האָב איך דעם, נעכטיקן קראַנקן געהייסן שטעלן אַ דרייסיק פּיאַווקעס? צווישן אונדז גערעדט, ער האָט אַזוי באַדאַרפט דיינע פּיאַווקעס, ווי איך מיט דיר. אַ נאַס טיכל צום קאָפּ וואָלט גאַנץ גענוג געווען. פּע, מעגסט זיך, כ'לעבן, שעמען, געצל! נאָר צוליב דיר, וואָרהאַפּטיק, בין איך נעכטן געווען אַ קליין מענטשעלע!...

— איר, דאָקטאָר, זענט געווען נעכטן אַ קליין מענטשעלע, ווי איר זאָגט, און איך בין געווען צוליב אייך אַ קליין מענטשעלע תמיד, אי איי־ערנעכטן, אי נעכטן, אי היינט. צווישן אונדז גערעדט, האָט דען דער ח״י־

טיקער חולה באַדאַרפט אַ דאָקטאָר? ער האָט פּראָסט דעם קאַטער. אויף מיר קוקנדיק נאָר האָט ער אייך גערופן און אציגד איז שוין דאָ א האָפענונג, אַז ער וועט אייך שוין מאַקע באַדאַרפן אַקעגן אַ פּאָר וואָכן רופן און נאָך צוויי מאָל אין טאָג. נישקשה, ער איז רייך, אַ חזיר, ער מעג קרענקען, נישקשה, אַ פּאָר וואָכן...

— נו, נו, וואָס זשע ווילסטו, געצל?

— פּיאַווקעס, דאָקטאָר! איך האָב אַ סך פּיאַווקעס!...

— זיי רואיק, געצל, דו וועסט אים שטעלן פּיאַווקעס. שאַ! האָסטו נאָך גוטע סחורה, געצל? דו ווייסט דאָך, איך בין אַ מקפּיד אין אַזעלכע זאכן...

— עכט פרישע פּיאַווקעלעך, דאָקטאָר, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפן! איך אַליין האָב אויך פּייגט יענעם צו נאַרן...

העָ-העָ! אַזוי איז נאָר די מעשה?! — האָב איך געטראַכט ביי מ.׳ אין האַרץ, נאָכדעם ווי איך האָב געהערט אַזאַ שמועס און די זאַך אַביסל בעסער צעגומען, ליגנדיק ביינאַכט אויף מיין געלעגער — אַפּנים, ווי איך הער דאָ און זע, הייסט אַ קליין מענטשעלע נישט פּשוט זיין אַ קליינינקער, ווי איך, נאַרעלע, האָב פריער געמיינט, מע קאָן גאָר זיין אַ גרויסער, אַפּילו אַ גאַנץ גרויסער, און פאָרט אַ קליין מענטשעלע, מע קאָן דערביי טאַקע אַפּילו בלייבן אַ גרויסער, תמיד טאַקע אַ גרויסער. איך בין מיך משער, אַז אַ קליין מענטשעלע הייסט גאָר צאַפּן פרעמד בלוט און אויסנאַרן געלט... אָט ווו דער הונט ליגט באַגראָבן! איצט-אָ האָב איך אַביסל שוין אָנגעהויבן רעכט צו פאַרשטיין און קומען צום אמתן שכל. אָט וואָס הייסט רייבן זיך אין דער וועלט, צווישן לייט! נאָר וואָס העלפט עס אָבער, וואָס איך וויים שוין דעם סוד, אַז איך בין דאָך נישט קיין דאָקטאָר, קיין רופא און קאָן נישט שטעלן קיין פּיאַווקעס, מוז זוכן עפּעס אַנדערע מיטל. עפּעס כמו אַזוי ווי אַזאַ וועג, נאָר אויף אַן אַנדער אופן, עפּעס צאַפּן און פאָרט נישט צאַפּן פּשוט בלוט. דערצו מוז אַוודאי זיין נאָך אַ סך אַנדערע מיני תחבולות. וואָס מע מוז זיי דערגיין. דאָ האָב איך שוין פּשוט מער נישט וואָס צו טאָן. וואָס זשע טוט מען ווייטער? האַ! גיט מיר פּלוצעם אַ קלאַפּ אין קאָפּ, אפשר איסר וואַרגער! כ׳לעבן, מאַך איך צו מיר אַליין, דאָס איז גאָר נישט קרום. מע באַדאַרף זיך ארייננדרייען טאַקע צו איסר וואַרגער, ווי איך בין אַ ייד צו איסר וואַרגער! דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס: צו אים, צו איסר וואַרגער! איסר וואַרגער איז דאָך אויך אַ קליין מענטשעלע און ווייער אַ גרויסער פּאַרנעם, האַ?!...

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָבן מיר זיך געדרייט אין דעם קאָפּ און מיך נישט געלאָזן שלאָפן כמעט די גאַנצע נאַכט. יענע נאַכט בין איך עלטער

געוואָרן מיט עטלעכע יאָר מער און געפילט אין מיר עפּעס אַ פאַרענדערונג. אויף מאָרגן האָב איך נישט געמאַכט לאַנג שיחות, אויפגעזוכט מיין באַקאַנטן מעקלער, אים צוגעזאָגט נאָך אַ בעסער מעקלעריי ווי פריער און נאָך אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער מיך אַריינגעשטעלט צו איסר וואַרגער.

יד

— גאָר איין וואָרט, רבי, גישקשה!... האַ, וואָס, זאָל איך? — לאָזט זיך אין דער מיט לייענען הערן אונטער דער מיר עפּעס אַ גראָב קול און באַלד טאַקע, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, רוקט זיך אַריין אין שטיבל אַ געשפּיקעוועטער ייִד מיט אַ פאַרוואַקסן פּנים, אָן אַ קאַפּאָטע, נאָר אין אַ פאַרלאַטעט לייבל, פון וועלכן עס קוקן אַרויס שטיקלעך פאַרשמירטע ציצית, וואָס באָמבלען זיך אויף די קני, און אין גראָבע תחתונים, בהילה, מיט גרויסע מגושמדיקע שטיוול, אויף וועלכע ס'איז געלעגן אפשר אַ פּוד בלאָטע נאָך פון פאַראַיאָרן און וואָס האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַ שטאַרקן ריח עפּעס פון שוויים אינאיינעם מיט דיאָך.

— אָ, בעניע! — זאָגט דער רבי, אַ קוק געבנדיק אויף דעם דאָזיקן פאַרשוין — וואָס וועסטו עפּעס זאָגן, בעניע?

— וואָס זאָל איך זאָגן? — ענטפערט בעניע, אַ קראַץ געבנדיק זיך אין דער פּאָטיליצע — עט, גאָרנישט, זאָג איך. געלט פאַרן חודש האָב איך שוין ביי דער רביצין אָפּגענומען. וואַסער נאָך געכטן ביינאַכט די אַלע זעקס מאָל אָפּגעגעבן. האָב געכטן די גאַנצענע נאַכט האָב איך געהאַט דאָס פירעניש. רב יצחק-אברהמס שטאַרב האָט מיך, נישקשה, גוט אָפּגעפירט, די שיינע מיינע „בוליבאַטים“ געבן אים אין שכנות, האָבן דאָס וואַסער אויסגעגאָסן, געבליבן די בוליבאַטים אָן וואַסער. נו נישטאָ וואַסער, נישטאָ מיט וואָס צו קאָכן. ווער שולדיק? דער וואַסערפירער, איך שולדיק. יענעם גלוסט זיך שטאַרבן, נו, מילא? ניין! גייט עס אויס צו וויעמען? צום וואַסערפירער, צו זיין קאָפּ. גיי, פיר זיי'א אין דר'ערד אריין! פיר זיי וואַסער. די גאַנצענע נאַכט נישט געשלאָפן. אַקעגן טאָג, אַז צוגענאַכט אַן אויג האָב איך, קומט וועקט די מאַמע, זאָל לעבן, מיך וועקט מיך: בעניע, בעניע! שטיי אויף, די טיר פאַרקייטל, בעניע. איך צום ערשטן מנין גיי איך, כאַפּן אַ קדושה, פון דער שול, בעניע, גיי איך אויפן הייליקן אָרט איך, יאָרצייט האָב היינט איך. אויפן פּריפּעטשיק צוגעשטעלט אַ טעפּל קאַליש האָב איך, גיב דאַ אַכטונג צום טעפּל קאָליש. פּטר אַרויס די מאַמע און לייג מיך. דרעמל איך, האָרך איך — פּיק, פּיק, פּיק. דער האָן מיט די הינער, אין דר'ערד אַריין, שטייען פּיקן אַ ריפּל ברויט, געשמאַק

מאָרגן, וואָס ווייסן הינער? פּיקן טאַקע אַלץ. באַדאַרף, גראָד, אַ, איז דר'ערד אַריין, ליגן אַ הילצערנער לעפל, אַ פליישיקער, כאַפּ דעם לעפל, לאָז מיך צו די הינער. האָרך איך, לויפט אויפן פּריפּעטשיק, מיינער באָבע שטעקט אַריין, נישט הינער אַריין, דעם פליישיקן לעפל אין דעם מילכיקן טעפּל אַריין, און מאַכט אָן אַ שאלה! דער לעפל פליישיק, רבי, וואָ־דען? פון דער ניי האָך נישט געקאַרבט מיט דריי קאַרבן, ווי אַ יידיש מילכיק לעפל. פליישיקס דערמיט, ווי איך בין אַ ייד! נישט געגעסן. אסור חזיר! לאָמיך אַזוי באַהיט ווערן פון קרענק! דאָס טעפּל מילכיק, עס שטייט דאָך תמיד פונעם פּריפּעטשיק אויף דער מילכיקער באַנק. זינגט מיין ציג מיר געפּגרט, איז אויס מיר מילך, אַ פייג מיר מילך!... היינט, רבי, פּסקנט מיר אַ שאלה!

— עפּעס אַ גרויס טעפּל? — פרעגט דער רב.

— גרעסער פון מיין קאָפּ — ענטפערט בעניע — אפשר אַקעגן אַן עמער, איך זויף מיך דערמיט אָן פול, ווי אַ פעסל, און אַרבעט אַוועק דעם גאַנצן טאָג אָן אַ פּאָפּאָס.

— כשר! — פּסקנט דער רב.

בעניע גייט ארויס און אַ ווייבל לויפט אַריין מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג:

— רבי, איך האָב שוין מער קיין כוח נישט אויסצוהאַלטן! איר האָט אַוודאַי זייער גוט געמיינט, רביניו, וואָס איר האָט צווישן אונדז געמאַכט אַ לעבן, נישט צוגעלאָזט קיין גט. נאָר אַזאַ לעבן אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן. אייערע טייערע ווערטער זענען צו אים אַזויפיל צוגעשטאַנען ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. ער הערט דען אַ ווערט, ער טוט זיך טאַקע זיינס און מאַכט מיר אַלץ דעם טויט. איך שוואַרץ דאָס פּנים, לייג, באָרג, קויף־אָן אויפן מאַרק אייער, הינער, וואָס ס'איז עפּעס צו פאַרדינען, אבי צו דערהאַלטן די נשמה פון די הונגעריקע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע קינדערלעך, און ער... ער ווייסט נישט מער ווי די חסידאַרניע, וו ער פאַרברענגט די גאַנצע טעג מיט זיינע לייט אונטערן אויוון, טרינקען, שמועסן, דערציילן מעשיות און קומט ער אַהיים, מוז אים אַלצדינג זיין. ער זאָל עס כאָטש אַ קוק טאָן אויף די קינדער, פרעגן כאָטש פון יוצא וועגן, וואָס זיי מאַכן. זיי גייען אים כלל נישט אָן, ווי זיי וואָלטן געווען פרעמדע. צו מיר רעדט ער נישט קיין גוט וואָרט, גלייך ווי איך וואָלט געווען צו אים פאַרקויפט, זיינס אַ דינסט, וואָס איך בין נישט ווערט צו וואַשן אים די פיס און טרינקען דאָס וואַסער. איך הער נישט מער פון אים אַלץ: שוויַא! טפּושטע! שפלה! אונטער עפּעס אַ יום־טוב פאָרט ער זיך אַוועק צו זיין רבין, נעמט ביי מיר צו דאָס לעצטע און ליגט דאָרט אָפּ אַ צייט מיט זיין

קאָמפּאַניע, אַזעלכע ווי ער. עס זאָל עס אים אָנהייבן אַרן אַ היים, אַ ווייב מיט קינדער, וואָס זענען זשעדנע אַ שטיקל ברויט און קומען נעבער אָפּ. לאָמיר אַמאָל אַקעגן דעם זיך אָנרופן מיט עפּעס אַ וואָרט, סטראַשעט ער מיך, ער מוז מיך גאָר אַוועקוואַרפן, מיך מאַכן פאַר אַ וויסטע עגונה, און ווייזן מיר, ווער עלטער איז, וואָס אַ יידענע איז אַזוינס. אַ יידענע, זאָגט ער, איז אַ גאָרנישט מיט אַ נישט! הייגט אינדערפרי קומט ער פונעם קלייזל, אין שטוב איז קאַלט, כאָטש וועלף צו טרייבן, שוין מער פון צוויי טעג, אַז קיין רויך פון מיין קוימען איז נישט געגאַנגען. די קינדער ציטערן, צאַפּלען און בעטן עסן. דאָס קליינע קינד אין וויג איז שוין הייזעריק שרייענדיק, וויל נעבעך זויגן און ביי מיר איז נישטאָ קיין קאַפּ מילך. פון וואַנען זאָל עס זיך נעמען, אַז איך דאַרב און צוויי טעג איז אין מיין מויל קיין לעפל געקעכטס נישט געקומען. „שטיאָ! — מאַכט ער מיט אַ גרינג געמיט, — לייג מיר אַריין אין קלומעקל אַ העמד מיט דער שבתדיקער קאַפּאָטע". איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער קלייבט זיך פאָרן „אַ ה י ן" מיט זיין כנופיא, עס גייט דאָך אַ חנוכה. דאָס האַרץ איז מיר געוועזן זייער פאַרביטערט; נעם איך און רוף מיך אָן: גזלן אייגער! וואָס טראַכסטו זיך? קוק כאָטש אָן דיינע קינדער, ווי זיי דאַרבן, ליידן און דו האָסט אין זינען פוסטע נאַרישע זאַכן! מילא דאָס ווייב, זאָגסטו, איז אַ גאָרנישט, אַ שטיא, אַ יידענע, אַ צויג, אָבער די קינדער, געוואַלד דיינע קינדער!... ווי איך האָב עס אים נאָר אויסגערעדט, אַז ער פאַלט עס אויף מיר אָן מיט אַ כעס, מיט אַ געפילדער: אַזוי, שטיא! דו ווערסט עס מיך אַזוי זידלען און אָנרופן נאַרישקייטן אַזעלכע הויכע זאַכן, וואָס זענען נישט פאַר דיין קוויבערשן מוח!... „אַזוי, דו שפלה אייגע! נו הייינטיקס מאָל איז אַן עק, איך מוז דיך אויף אייביק, טאַקע אויף אייביק אַוועקוואַרפן, אַז דו זאָלסט בלייבן אַ וויסטע עגונה. נישקשה, איך בין אַ מאַנסביל, און דיך, שפלה, מוז איך אָנלערנען, דו זאָלסט וויסן, וואָס איז אַזוינס אַ יידענע".. ער האָט זיך נישט געקילט מיט די רייד און מיך נאָך אָנגעהויבן צו קנייפּן. נאָט, זעט, זייט מוחל, ווי ער האָט מיר צעקנופּן די הענט, ברוין און בלוי מיר געמאַכט דאָס לייב! געוואַלד, רבי, ראַטעוועט מיך! לאָז ער מיר געבן גט. איך האָב שוין קיין כוח נישט אויסצוהאַלטן!...

— גיי שוין, גיי אַהיים! — זאָגט דער רב מיט אַ ווייכער ציטערדיקער שטימע און די אויגן באַפייכטן זיך אים פאַר רחמנות — איך וועל נאָך הייגט שיקן דעם שמש, ער זאָל אים צו מיר ברענגען.

קוים איז דאָס ווייבל אַרויס, קומט די שמשטע אַריין, שאַרנדיק מיט די פאַנטעפעלער, אָנגעטאָן די יופּע אויף איין אַרבל, מיט אַ לייליער אונטערן אָרעם.

— גאָט העלף! — מאַכט זי צום רב מיט אַ פרום פּנימל, גאָמהעם ווי זי האָט פריער מיט דער האַנט אַ שמיר געטאָן די מזוזה און אַ קוש גע־געבן די פינגער— איך האָב געוואָלט אויף אַ רגע מטריח זיין דעם רבין, מאריך־ימים זאָל ער זיין, מיט אַ „שאלת־נשים". גאָט אייך, רבי, זייט מוחל, דעם ליילעד.

אַז דער רב האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דעם ליילעד, איז ער צו־געגאַנגען צום טיש און אָנגעהויבן ווייטער לייענען:

## טו

איסר וואַרגער איז געווען איינער פון די פּאָרנעמסטע באַלעבאַטים אין צבועטשיץ, אַלע האָבן פאַר אים געהאַט דאָס גייניאָריקע קדהת און עם האָט מיט איטלעכן געוואָרפן, אַז ער האָט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. ס'טייטש איסר, עפּעס אַ קלייניקייט איסר! איסר אַליין האָט נישט גע־האַנדלט, נישט אַריינגעטאָן קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער, און פונדעסט־וועגן האָט ביי אים אין שטוב תמיד געקאָכט ווי אין אַ קעסל, דער אַריין, יענער אַרויס, קינד און קייט, אַלע ביי רב איסרן. מיינט איר אפשר, איסר איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ גרויסער יחסן? — חלילה! אַפילו נישט קיין קלייננער. ער האָט קוים־קוים געקאָנט דאַווענען און איז געווען, ווי מע זאָגט, „המכה בעברתו", דאָס הייסט, שטומפיק אויף דער עברי. פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט אַ טלית־און־תפילין־זאַק זייער אַ גרויסן, זייער אַ גראָבן פון עטלעכע בני־פּקועלעד, אַרומגעליאַמעוועט מיט רויטע קרייקעם. דאָרט אינעווייניק האָט זיך געפונען אי אַ סידור „דרך חיים" מיט אַלע נייטיקע דינים, אי אַ תהילים מיט מעמדות, אי אַ „חוקל" און אַ „שערי־ציון". אַ האַנט צום שרייבן האָט ער געהאַט זייער אַ שווערע, די פען האָט, ווי אויף צו להכעיס, בשום אופן נישט געוואָלט ביי אים גיין אין זיינע שליחות: ער האָט זי געשטופּט אהין און זי איז גאָר פאַרקראָכן קיין בוויבעריק, זי האָט געשפּריצט, געמאַכט קלעקן, געקריצט, געדריגעט און זיך געשטעלט דיבאָם. עם האָט אים נעבער געגוג מי געקאָסט איטלעכם געשריבן וואָרט, און איידער ער האָט ביי איר אַרויסבאַקומען שוואַרץ אויף ווייס זיין התימה „איסר" זענען אים די אויגן פונעם קאָפּ שיעור נישט אַרויסגעקראָכן און איז פשוט אָפּגעגאַנגען מיט שווייס. ער פלעגט דערנאָך זיך ווישן דעם שטערן מיט דעם אַרבל פונעם העמד אָרער פון דער קאַפּאָטע און סאַפּען, גלייך ווי ער וואָלט געהאַקט האָלץ. די מעלה אָבער קאָן מען אויף אים יאָ זאָגן, אַז אין דעם אויסלייגן איז ער נישט געווען, ווי אַנדערע, אַ שטאַרקער

מחמיר. איין אות האָט ביי אים נישט געשפּילט אזא וויכטיקע ראָליע. שטיי פאָרנט צי הינטן, אָדער שטיי אַפּילו גאָרנישט, מאַכט אויך נישט אַזוי אויס, מע וועט זיך אָנשטויסן, נישקשה. און ווען ער פלעגט דריגען אַמאָל עפּעס מסופק זיין, דאָ איז אים די פּען דווקא בייגעשטאַנען אין די גויטן. זי פלעגט זיך טאָן א יאָג, מאַכן א צוק מיט א קלעק און דערמיט האָט ער שוין געקאָנט יוצא זיין לכל הדעות. פון זיינע אלע זאַכן שטעל איך דאָ אייך ארויס זיין „ווי'האר" מיט זיבן גרייזן און זיין עברי־זעצן אין דער הגדה: תרח אַבי, אברהם ואבי, נחור ויעבדו". וועלכעס דערפון וועט אייך בעסער געפעלן, ווייס איך נישט, מיר אָבער זענען ביידע גלייך זייער געפעלן.

מילא דאָס האָט איר איסרם לומדות, און וואָס אָנבעלאַנגט זיין יחוס, איז נישט געווען מיט וואָס זיך איבערצונעמען. ער האָט נישט געשטאַמט פון דער גילדענער פאָן און האָט אין דער יוגנט קיין פלעצלעך מיט פוטער נישט געגעסן. דער אמת טאַקע איז, אַזוי ווי איך בין עס שפּעטער דער־גאַנגען — ער איז געווען אַ קליין מענטשעלע און דערמיט האָט ער אַ ים בעסער געמאַכט ווי אן אנדערער מיט זיין תורה אָדער מיט זיין סחורה. ביי דעם צבועטשיצער גביר איז ער באמת טאַקע געווען גאָר די נשמה, גאָר עפּעס — איסר, הכלל, איסר, איסר, גאָר איסר! איסר איז געווען זיין נשמה, זיין פוס, זיין האַנט, זיין אלין־מיט־אַנאַנדער, און דורכדעם ממילא אַ גרויסער חשוב, דער גאנצער כל־ולך אין דער שטאָט.

אָט פון דעם רב איסרן האָב איך א סך זאכן מיך אויסגעלערנט. ער, טאַקע נאָר ער, איז מיין אמתער רבי. ער האָט מיר געעפנט די אויגן; ער האָט מיר אין דעם מויל א פינגער אריינגעלייגט און מיר געגעבן צו פארשטיין זייער פיל זאַכן, וואָס גייען אין דער וועלט פאָר, מיר פארענט־פערט האַרבע קשיות, דערקלערט גוזמות, רעטענישן ביי אונדז אין דער פירונג; ער האָט מיך געשטעלט אויף אַ שטייגער, מיך אויסגעהיבן, אויס־געשליפן און געמאַכט פון מיר א כלי. קורץ, ער האָט מיר געוויזן א וועג און אנטפּלעקט דעם סוד, ווי צו ווערן א קליין מענטשעלע.

דאָס לייענען ווערט דאָ ווידער איבערגעריסן. די רביצין קומט אריין, האַלטנדיק אין איין רעדן, און טוט זיך א שטעל גלייך אקעגן דעם רב.

— נישט אויסצוהאַלטן — זאָגט זי עפּעס ווי א ביסל ביזלעך — אַ פולע שטוב, אָן עין־הרע, אַלע: ווו איז דער רב? דער רב, זאָג איך, איז אציגד פארנומען. עס העלפט נישט. צום רב! ווער איז דען דאָרט נישטאָ? די גבעטיקע צוויי יידן פון דער דין־תורה — דאָ! דער בעדער — דאָ! פארריכט אים שטאָט נישט, שרייט ער, די באָד, הייצט ער מער נישט. איז אויס שכירות דעם רב. די קצבים מיט א נייעם לונג־און־לעבער—

אויך דאָ! דער משולח פון רב מאיר בעל-הנס. דער פון ישיבה, יענער פון די נשרפים און די עגונה מיט די דריי קינדערלעך — אַלע, אַלע דאָ! עס העלפט נישט קיין רייד, דער רב אַליין מוז צו זיי ארויסגיין. איך וויל מיך אַפילו זיי מער נישט ווייזן.

דער רב הייבט זיך אויף פונעם אָרט, בעטנדיק דעם עולם, מוחל זיין אַ ווײַלע, אויף אים וואַרטן.

— אָ, רב מענדעלע! וואָס מאַכט איר גוטס? — ווענדט זיך צו מיר די רביצין, נאָכדעם, אַז דער רב איז ארויסגעגאַנגען — שוין אַ לאַנגע צייט מאַקע, רב מענדעלע, זענט איר הי ביי אונדז נישט געווען. האָט איר אונדז, ווייבער, עפּעס געבראַכט נייע ספרים?

— פאַר ווייבער ספרים! — טוט אַ שמייכל איינער פון די נגידים, וואָס מיט אַ פאַרקרימטע עסיק-זויערע צורה.

— די מאַנסבילן מיינען, אַז נאָר פון זייערטוועגן באַדאַרף מען דרוקן ספרים — רופט זיך אָן מיט פאַרדרוס די רביצין — אַלצדינג פון זייערט-וועגן. ווייבער האָבן גאָר קיין נשמה נישט, זענען גאָר קיין מענטשן נישט און באַדאַרפן אויף דער וועלט קיין זאַך נישט האָבן. גענוג פאַר זיי איז דאָס וואָס זיי לעבן, וואָס זיי טראָגן, וואָס זיי האָבן קינדער און האָדעווען זיי, וואָס זיי קאָכן וואַרמעס, היטן-אָפּ די מאַגנען און ווערן פאַרשוואַרצט.

— געגלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס מע זעט זיך געזונט — ענטפער איך — נישקשה רביצין, איך האָב אין אייך נישט פאַרגעסן. איך האָב אייך געבראַכט אַ „תחינת ארץ-ישראל", גאָר אַ שפּאָגל נייע. זעט איר, רביצין קרוין, איר באַשולדיקט אומזיסט די מאַנספאַרשוינען, מע האָט אייך, כ'לעבן, אויך אין זינען. קומט, זייט מוחל, און באַטראַכט די תחינות, וואָס מע מאַכט פאַר אייך אָן. וואָס ווילט איר האָבן? מיר דאַכט זיך, מע האָט שוין גענוג, איבערגענוג אייך, ווייבער, אָנגעמאַכט... נישט דאָס בין איך אויסן.

— איי-איי, רביצין! — כאַפּט זיך אָן אַ נגיד מיט אַ זיס שמיי-כעלע — איר ווילט, כ'לעבן, מאַכן אַ מרידה אונטער די ווייבער! הערנדיק אייך, וועלן דאָך אונדזערע ווייבער פאַררייסן די נעז, אָנהייבן פאָדערן עפּעס גאָר נייע זאַכן און אונדז נאָך חלילה וועלן גוטן! נאָר איך פרעג אייך, רביצין, אַז ס'איז שוין יאָ געקומען צו רייד, זאָגט זשע, זאָלט איר מיר געזונט זיין, פאַרוואָס זשע האָט פאַרט שלמה המלך אָנגעשריבן, אַז אַפילו אונטער טויזנט ווייבער האָט ער נישט געפונען אי איינע אַ רעכטע?

— מאַקע דעריבער האָט ער נישט געפונען — איז די רביצין ארויס מיט אַ תירוץ — ווייל ער האָט געהאַט, מחילה, טויזנט ווייבער, מאַנס-בילן, וואָס זוכן צו האָבן אַ סך ווייבער, קאָנען מאַקע איינע אַ רעכטע

אויך נישט האָבן. זאָגט מיר, איר וואָלט אויף זייער שטעלע בעסער געווען, מאַנסבילן?...

— נאָר פאַרוואָס אָבער — האָט נאָך איינער זיך אָנגערופן — שטייט אין אונדזערע ספרים, אַז די גאַנצע חכמה פון אַן אשה באַשטייט אין גאַנצן נאָר אין דעם שפּינדל?

— ס'איז דעריבער — ענטפערט די רביצין — ווייל דאָס האָט אָנגעשריבן אַ מאַנסביל. אוודאי זענט איר די חכמים, אַז איר, מאַנסבילן, געוועלטיקט און האַלט די ווייבער נעבעך אין אייערע הענט! דער שטאַרקער בלייבט תמיד דער קלוגער, דער גערעכטער, ווי זאָגט מען עפּעס: דער מלאך־המות שעכט און בלייבט גערעכט. נאָר ווערטלעך אין דער זייט. איך פרעג אייך נישט מער, ווי קאָנט איר אונדז אָפּפסקענען אַזעלכעס, וואָס מיר ווייסן און וואָס מיר זעען מיט אונדזערע אויגן, אַז ס'איז נישט אַזוי! ווייניק ווייבער נביאות אי חכמות זענען ביי אונדז יידן געווען אַמאָל אין די אַלטע צייטן, און ווייניק ווייבער חכמות, בריות, זענען דאָ ביי אונדז אויך היינטיקע צייטן, וואָס שטייען אַ סך העכער פון אַנדערע מאַנסבילן? מיר דאַכט זיך, אַז טאַקע דאָ, ביי אונדז, אין דער שטאָט, קאָן מען אויפציילן פיל ווייבער, וואָס נאָר זייער בריהשקייט און הכמה אַליין האָבן די מאַנען צו פאַרדאַנקען אַלצדינג, זייער כּבֿוד אי זייער עשירות. ווען נישט די ווייבער זייערע, וואָלט פון זיי גאָרנישט געוואָרן. פונדעסטוועגן זאָל אויסקומען אַ מאָל עפּעס ביי אַ שטאָט־זאַך, אָדער ביי עפּעס אַן אַנדערן וויכטיקן ענין, ווייסט מען נישט מער ווי די דאָזיקע באַלעבאַטים, וואָס טויגן נישט, מחילה, אַ קאַץ אין עק צובינדן. ווייבער זענען פאַררעכנט ווי גאָרנישט, די דעה האָבן נאָר באַלעבאַטים. אַלץ באַלעבאַטים, אויף אסיפות — באַלעבאַטים, אין שול — באַלעבאַטים, אפילו אין מרחץ אריין, מחילה, רופט מען אויך נאָר באַלעבאַטים — באַלעבאַטים אין באָד אריין!...

— עפּעס זענט איר מיר היינט, רביצין, זייער אויפגעבראַכט — האָט דער נגיד ווייטער זיך אָנגערופן — עפּעס רעדט איר מיט פאַרדראָס, ס'איז אייך, הפנים, עפּעס נישט גוט אויפן האַרצן און איר לאָזט אויס אייער כעס צו די מאַנסבילן, נעבעך!

— וואָס זאָל איך טאָן? — ענטפערט די רביצין מיט אַ זיפץ פונעם האַרצן — אַז ווען עס קומט צו רייד פון אונדז, ווייבער, און איך באַטראַכט אונדזער פינצטערע, ביטערע לאַגע, קאָכט זיך טאַקע אין מיר איבער דאָס בלוט.

— נאַט, רביצין! — כאַפּ איך מיך אונטער און גיב דער רביצין אַ תחינה, איין איינציקע רפואה צו הערציער פול מיט מכות, מיט וווּנדן;

תחינה איז פאר אייך גוט. פאר אייך, רביצין, איז טאַקע, כ'לעבן, גוט די תחינה....

— אמת טאַקע, רב מענדעלע! — האָט די רביצין זיך אָנגערופן צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — פאר אונדז, בידנע ווייבער, איז טאַקע נאָר גוט תחינות, איין איינציקע רפואה צו הערצער פול מיט מכות, מיט ווונדן; איין־איינציק מיטל אויסצוווייגען זיך כאָטש אמאָל און אויסצוגיסן דאָס שווער ביטער געמיט אין הייסע וואַרעמע קוואַלן טרערן... ס'איז נאָר א ווייטעק, א צעזעצעניש, ווי די מאַנסבילן, וואָס פארשטייען נישט און ווילן גאָר נישט פארשטיין אונדזער האַרץ, ווי זיי לאַכן, שפּאָטן פון די ווייבערשע תחינות און פארגינען אונדז נישט אויך די דאָזיקע איינציקע רפואה. זיי זאָלן זיצן אמאָל אין דער ווייבערשער שול, א שבת אָדער א יום־טוב, און צוזען דאָרט ווי א סך אומגליקלעכע ווייבער, וואָס האָבן זיך קוים ארויסגעריסן פון דער היים: די מיט א פינצטערע דאָליע פון איר מאַן, יענע א וויסטע עגונה, איינע מיט א שווער טראָגן, די אנדערע מיט א פארביטערט געמיט פון אירם א זויגנדיק, קראנק קינד, וואָס לאָזט זי דורך די נעכט נישט שלאָפן און פארמאַטערט זי געבער, די מיט געשוואָלענע, אָפּגעבריטע הענט פונעם שטיין ביים אוויון און יענע מיט א פארזאָרגט, אויסגעבלייכט פּנים פון דער שווערער פּאַנשטשינע, פונעם שטענדיקן גיין אין יאָך, — ווי די דאָזיקע אַלע פארומערטע דערשלאָגענע נעבעך שטייען ארום דער זאָגערין דאָרט, יאָמערן, קלאָגן מיט אויפגעהויבענע אויגן צום באַרעמהאַרצנדיקן, געטרייען פאָטער אין הימל, באַוואַשן זיך מיט טרערן און ווייגען פון זיך אַרויס די נשמה — ווען זיי, די מאַנסבילן זאָלן עס באַטראַכטן און צוזען מיט זייערע אייגענע אויגן, וואָלט, כ'לעבן, זיי זיך נישט געעפנט דאָס מויל צו שפּעטן פון די ווייבערשע תחינות... אַ דאַנק אייך, רב מענדעלע, וואָס איר האָט אין מיר נישט פארגעסן. איך וועל אייך באַלד ארייננשיקן פאר דער תחינה — אזוי האָט די רביצין א זאָג געטאָן צום סוף, ווענדנדיק זיך צו מיר, און איז שטילערהייט ארויסגעגאַנגען.

אַלע מענטשן אין דעם שטיבל זענען געבליבן שטיל, ווי דאָס לשון האָט זיי אָפּגענומען. די רביצין מיט אירע רייד האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן עפּעס א מרה־שחורה. איך בין מיר געזעסן אומעטיק אין א ווינקל און געקיימט דער רביצינס איטלעכס וואָרט. אירע ווערטער זענען געווען אָנגעזאַפּט, ווי א שוואָם, מיט שאַרפע, ביטערע געפילן, האָבן מיך געשטאָכן, געצופט און אָנגעכאַפּט ביים האַרץ, וואָס מער איך האָב זיי געקייעט. מיר איז דעמאָלט געווען צו מוט עפּעס גלייך ווי מע וואָלט פאַר מיינע אויגן געפּאַלמעסט א לעבעדיקן מענטשן, ארויסגענומען דאָס וואַ־

רעמע, נאָך צאַפּלענדיקע האַריץ, עס געעפֿנט, געשניטן אַריינצוקוקן און זען אַלצדינג, וואָס דאָרט אינעווייניק גייט פֿאָר. איך בין זיך מודה, דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן איז מיר אויסגעקומען, ערנסט צו באַטראַכטן די שפּלע לאַגע פֿון די ווייבער, צו פֿארשטיין זייער האַריץ, און צו האָבן אויף זיי רחמנות, עפּעס גאָר טאַקע אזוי, רעכן איך, מוז זיך פֿילן א גוי, א גוטער געלערנטער גוי, אז ער הייבט אָן צו באַטראַכטן די לאגע פֿון יידן, צו שעצן זייער ווערט און זיי צו באַדויערן פֿאר די צרות, וואָס זיי, שלאַפֿינקע, שטייען אויס פֿון די אומות־העולם — די שטאַרקע באַלעבאַטים זייערע...

דער עולם אין שטיבל הייבט זיך אָן צו רירן און איך שלאָג מיך ארויס פֿון די געדאַנקען.

— וואָס זיפֿצט איר אזוי, רב חנא? — האָט איין נגיד זיך אָנגע־רופֿן און אליין אויך עפּעס ווי א קרעכץ געטאָן.

— עט, רב בעריש — האָט חנא געמאַכט מיט א קנייטשל — איך וויים, כ'לעבן, נישט, וואָס יצחק־אברהם וויל האָבן מיט זיין מעשה. עפּעס קומט דאָ פֿאָר אזעלכע ווערטער, וואָס פּאַסן כלל נישט פֿאר אים. וואָס זאָגט איר, רב בעריש, צו די שטעכווערטלעך? איר זענט א מבין, ווהין זיי דערלאַנגען? ווער ווייסט ביזוואנען דאָס לייענען וועט נאָך געדויערן. איך האָב היינט אסור נישט קיין צייט. איך זיץ דאָ ווי אויף שפּילקעס.

— איך זיץ אויך, כ'לעבן, ווי אויף שפּילקעס — האָט רב בעריש געענטפֿערט — אויב איך בין אַ מבין, רב חנא!... פֿע, פֿע! איך וואָלט מיך אזוינס פֿון יצחק־אברהמען קיינמאָל נישט געריכט! ער איז, דאכט זיך, נישט געווען קיין נאַרישער מענטש און פֿארשטאַנען אן עסק... אפשר וואָלט א סברה געווען, מיר זאָלן איצט טאַקע אוועקגיין. מיר זענען דאָך באַשעפֿטיקטע מענטשן. אָט, כ'לעבן, פֿאָלגט מיך, לאָמיר אַוועקגיין.

— חלילה, חלילה! — האָבן זיך עטלעכע נגידים אָנגערופֿן — עס וועט אויסזען, אַז מיר האָבן זיך געפֿונען געטראָפֿן. אַדרבא, דווקא זיצן און אויסהערן ביז אין סוף אריין. דאָס בעסטע איז זיך נישט־וויסנדיק מאַכן.

רב חנא האָט ווייטער א זיפֿץ געטאָן און רב בעריש האָט מיט דער האַנט זיך אָנגענומען ביי דער נאָז און געברומט עפּעס אונטער זיך, ווי איינער, וואָס איז שטאַרק ברוגז.

— א, גוט־מאָרגן, גוט־מאָרגן! — זאָגט רב פֿייוויש. אריינקומענדיק אין שטיבל זייער פֿריילעך, בגילופֿין, און דאָס פּנים פֿלאמט אים, ווי ביי איינעם, וואָס איז אביסל פֿארלעקט — איך בין ביז איצט טרוד געווען און נישט געקאָנט מיך אַרויסרייסן אַהער. וואָס איז די מעשה? — האָט

ער געמאַכט א קוק געבנדיק אויף די נגידים — וואָס זיצט איר עפּעס אזוי אומעטיק?

— וואָס איז די מעשה, רב פּייוויש, וואָס איר זענט אזוי פריילעך? — פרעגן אים די נגידים. כלומרשט פאַרשטייען זיי נישט, וואָס איז די מעשה, אז ער האָט אין חברה־קדישא געכאַפּט א לעק.

— מע האָט שוין, אפּנים, דערווייל אָפּגעלייענט אָן מיר — זאָגט רב פּייוויש — א שאָד, כ'לעבן, וואָס איך האָב נישט געהערט. עס האָט געמוזט זיין זייער שיין.

— אזא יאָר זאָלט איר האָבן — ברומט ר' פּייוויש שטיל אונטער דער נאָז.

— נישקשה, רב פּייוויש, ס'איז פאר אייך, מיין איך, נאָך אויך גענוג איבערגעבליבן — טרייסט אים מיט א ביטער שמייכעלע איינער פון די נגידים, וואָס מיט א פאַרקרימטע, עסיק־זויערע צורה.

— א, גוט־מאָרגן, רבי! — זאָגט רב פּייוויש יום־טובדיק צום רב, וואָס איז צוגעקומען צום טיש — זייט מיר מוחל, רבי, וואָס איך האָב מיך פאַרשפּעטיקט. ביז אצינד בין איך פאַרטראָגן געווען אלץ וועגן יצחק־אברהמען. חברה האָט ערשט למזל זיך אויסגעגלייכט וועגן דעם קבורה־געלט. ביידע צדדים האָבן אביסל זיך איינגעשפּאַרט, פאַרעקשנט. חברה איז אָבער געווען גערעכט און האָט טאַקע אויסגעפירט. פון וועמען רעדן זאָל חברה אָפּלעקן א ביינדל, אַז נישט פון אזא פעטן בר־מינן? — א שאָד, כ'לעבן, רבי, וואָס איר האָט דערווייל געלייענט און איך האָב נישט גע־הערט. אָ־וואָ, אָ־וואָ! אזא מעשה, כ'לעבן, מעג מען הערן — מתוק מדבש! פּשוט מחיה געווען האָב איך מיך נעכטן הערנדיק זי פון אייער כשרן מויל. דער סוף מוז זיין גאָר אָן אנטיק. א שאָד, כ'לעבן, אביסל פאַרשפּעטיקט, אָ־וואָ.

— אוודאי, רב פּייוויש — רופט זיך אָן דער רב, זעצנדיק זיך אויף זיין שטול — אוודאי האָבן מיר דערווייל אָן אייך היפּש אָפּגעלייענט, נאָר נישקשה, ס'איז נאָך געבליבן שיריים. אָט וועל איך מיך טאַקע נעמען לייענען ביז אין דעם סוף אריין.

## טז

דער רב האָט נישט געמאַכט לאַנג קיין שיהות און אָנגעהויבן ווייטער לייענען אזוי:

במבע איז איסר געווען א פאַרביסענער, זייער א באַהאַלטענער מענטש, מע האָט ביי אים קיינמאָל נישט געקאָנט וויסן דאָס מינדסטע,

וואָס ער דענקט און ווי מע האַלט מיט אים. וואָס ער האָט געמיינט, האָט ער נישט גערעדט, און וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער נישט געמיינט. אפילו דאָס ווייב זיינס האָט ביי אים גאָרגישט געוווּסט, ער האָט פון איר און פון זיינע קינדער זיך געהאַלטן תמיד ווייט. אַלע אין שטוב האָבן פאר אים געהאַט דרך־ארץ — ער האָט נישט גערעדט, נישט געטענהט קיין סך און קוים האָט ער עפּעס ארויסגערעדט א וואָרט, האָט עס גע־מוזט באַשאַפן ווערן, טאַקע גיך אין דער הייסער רגע. זיין פּנים איז שטענדיק, אין אַלע צייטן און אין אַלע אומשטענדן, געווען אַלץ איינס. תמיד ערנסט און ווי עפּעס פארטראַכט. קיין הויך געלעכטער האָט מען פון אים קיינמאָל נישט געהערט. זעלטן־זעלטן נאָר פלעגט ער מיט אַ פאַר־מאַכט מויל טאָן עפּעס א שמייכל, נאָר דאָס זויערע שמייכל איז אָבער געווען נישט מער ווי א צי מיט איין זייט פון די דינע ליפּן, דער איבע־ריקער טייל פּנים האָט דערהפון אפילו נישט געהאט קיין רמז הרמיזא, איז געבליבן אייז־קאַלט, די אויגן גלעזערנע, אזוי ווי פריער.

א גוטן ברודער אָבער האָט איסר געהאַט, אין וועלכן ער האָט גע־קלעפּט מיט לייב־און־לעבן. מיט אים איז ער שוין געווען באַרעדעוודיק, זיך נישט פארשטעלט אויף קיין האָר. מיט אים האָט ער ליב געהאַט צו פארברענגען אַפט די צייט ביי א גלעזל ווייַן, און אריינצולאָזן זיך אין א שמועס. מיט אים איז איסר עפּעס ווי איבערגעביטן געוואָרן און איז געווען גאָר נישט דער איסר. פאר אים איז געווען זיין האַרץ אָפן אויף ביידע טויערן און ער, דער גוטער ברודער זיינער, האָט אהין געקאָנט אַלע צייט פראנק און פריי אריינגיין, איבערלייענען דאָרט און וויסן איסרס אַלע סודות. ווער שמועסט, אַז איסר איז נאָך געווען אַ קאַפּ פאַרלעקט, דענסטמאָל פלעגט ער שוין גאָר אוועקנעמען די האַנט פונעם האַרצן און וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג. ער פלעגט געוויינטלעך מיט זיין גוטן ברודער זיך פארקלייבן צו זיך אין צימער, גאַנץ אָפּגעזונדערט, אַוועקשמועסן און אויסרעדן זיך פריי דאָס האַרץ. פאר מיר אָבער איז עס קיין סוד נישט געווען. איך האָב שוין לאַנג באַקומען די נאַטור צו שטיין אונטער דער טיר און זיך צוהערן צו דעם, וואָס מע רעדט.

איך וויל דאָ אייך איבערגעבן א מקצת פון איסרס שמועסן מיט זיין גוטן ברודער, צו וועלכן איך האָב מיך אונטערגעהערט, וואָס דאָס וועט אייך א ביסל כאָטש דערקלערן איסרס גאַנג, איסרס שיטה אין דעם לעבן און איסרס בליק אויף דער וועלט, אין וועלכן איך האָב אייזנפעסט מיך געהאַלטן.

— הער נאָר אויס, גוטער ברודער! — האָט איסר וואָרגער זיך אָנגערופן איינמאָל, אז ער איז געקומען מיט זיין גוטן ברודער עפּעס

פרייליך, אַביסל פאַרקנאַקט, און מיט אים זיך אַנידערגעזעצט ביי זיך אין דעם באַזונדערן צימער. — הער נאָר, דו, טיפּש איינער! איך זאָג דיר, אז אזא טייער, אזא גוט פאָלק, ווי יידן זענען, איז אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ. טאקע זייער א גוט פאָלק, א גאָלדנס, בנאמנות, מע קאָן פון זיי האָבן — אַ גראָשן...

— זאָג בעסער, איסר, א נאַריש פאָלק, ס'איז נאָך אזעלכע נאַראָנים, ווי יידן אויף דער גאַנצער וועלט גאָר נישטאָ.

— גערעכט, גוטער ברודער! וואָס אמת איז טאַקע אמת. ס'איז נאָך אזא טייער, אזא גוט, אזא גוצלער, אזא גאָלדן, אזא נאַריש פאָלק ווי אונדזערע אתה-בחרתנוקעס, גאָר נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ!

— וואָס האָסטו עפּעס אזוי זיך צערעדט, איסר, אין די שבחים פון כנסת-ישראל? גענוג גערעדט! דערציי נאָר בעסער, מיט וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט דער סוף פון דער היינטיקער אסיפה?

— וואָס פאר אן אסיפה?! וואָס פּלוידערסטו מיר עפּעס, גוטער ברודער?

— רעד דיבורים, איסר! וואָס הייסט, דו האָסט פארגעסן די אסיפה, די היינטיקע אסיפה מכוח דעם פלייש?

— ווייס איך פון וואָס דו רעדסט, טיפּש איינער! א וויכטיקע זאַך אַ ביסל די אסיפה! זי האָט געהאַט אַזאַ ממשות, מישטיינס געזאָגט, ווי אלע אנדערע זייערע אסיפות. כע-כע, יידישע אסיפות!... דו האָסט באַדאַרפט שטיין דאָרט און זען עפּעס שיינס. אריינגעקומענדיק אהינצו, האָב איך געטראָפן אַ גערודער. דער עולם האָט גערוישט, גערוישט סכנות, ווי די פליגן! איך האָב מיך מישב געווען, וואָס וועל איך דאָ מיך שטעלן א ים ברייען מיט דעם גאַנצן פעקל שוטים, און נישט לאַנג געטראַכט טו איך א זאָג גלאט אזוי אין דער וועלט אריין: מה רעש. אז מער מיט עטלעכע גראָשן? ס'איז נאָך נישט גאָר אזא אומגליק. גלייבט מיר, יידן, א סך א גרעסערער אומגליק קאָן זיין, אז דער בעל-טאַקסע וועט אין כעס ווערן און חלילה זיך וועלן אָפּזאָגן! גלייבט מיר יידן, ס'איז אזוי. — טאָמער מיינסטו, איך האָב געוווסט וואָס איך רעד, פארוואָס ס'איז אזוי? אסור! נו, האָסטו באַדאַרפט זען, ווי עטלעכע שיינע באַלעבאַטים, וואָס האַלטן זיך פאר קלוגע, געניטע מענטשן, האָבן געמאַכט ערנסטע פּנימ-לעך, זיך גענומען פאַר די בערדלעך און מיט אַ נאַריש קנייטשל זיך אָנגע-רופן: טאקע אמת, ס'איז אזוי. מע האָט גאָר נישט צו רעדן, אזוי, ס'איז געווים אַזוי... דער איבעריקער עולם האָט אַקעגן דעם נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, גלייך ווי אקעגן א געוויסער, שווין אן אויסגעמאַכטער זאך, און זענען אַלע כמעט ווי געבליבן עפּעס ווי דערוואָרגן. עמעצער זאָל

עס זיך באַרעבענען, כאַטש זיך אַליין פרעגן: פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? איינער נאָר, עפּעס א שייגעץ, א ממזר בן־הנידה, אויף וועלכן איך האָב שוין פון לאַנג אַן אויג, האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און אַלץ געטענהט: ס'איז גאָרנישט אַזאַ אומגליק, אדרבא, אדרבא... איז דען אַ בעל־טאַקסע מסיגי? נישקשה, אָן אַ בעל־טאַקסע קאָנען מענטשן אויף דער וועלט אויך לעבן. נאָר די קלוגע, געניטע באַלעבאַטים, וואָס פאַרשטייען אַן עסק, האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף א ייִנגל, נישט קיין געניטן מענטשן, מיט וועמען ס'איז גאָר נישט כדאי צו רעדן, און האָבן אים אפילו נישט מזכה געווען מיט אַ וואָרט. פונדעסטוועגן, הערסטו, וויל איך דעם דאָזיקן שייגעץ פאַרזאָרגן, דו וועסט מיר, גוטער ברודער, אויף אים אָנשרייבן א שיר־המעלה, צוליגן אים א גוט קנייטל, עס זאָל רייסן, גוט אָנרייסן... דו ווייסט דאָך, איך האָב דערצו אַ שווערע האַנט.

— דאָס, איסר, איז א שפּעטערדיקע זאַך. מסתמא וועט שוין זיין רעכט. לאָמיר שוין נאָר דערלעבן הערן, מיט וואָס די אסיפה האָט היינט זיך אויסגעלאָזט.

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט, טיפּש איינער! ס'איז דען נאָך אזא גוט, גאָלדן פאָלק, ווי יידן, ערגעץ דאָ? מע האָט אלצדינג נאָכגעגעבן, ארויפגעצויגן נאָך עטלעכע גראָשן, מער נאָך, וויפל מיר האָבן אליין זיך געווונטשן, און מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען שטאַרק צופרידן. איך בין, טיפּש איינער, אוודאי צופרידן...

— אוודאַי, איסר, מעגסטו צופרידן זיין, אָבער...

— וואָס אָבער? — טיפּש איינער! וואָס אָבער? אָבער א רחמנות! ווילסטו אפשר זאָגן? האַ, א רחמנות אויף א שטאָט אָרעמע לייט! גיי שוין גיי, נאַרעלע איינער, מיט דיין נאַרישן פוסטן וואָרט רחמנות! רחמנות, זאָג איך דיר, האָבן אויסגעטראַכט נאָר שלאַפע, שלימזלניקעס, שאָף, וואָס וויל זיי פילן זייער שלאַפקייט, אז זיי זענען טויגעניכטסן, אָן כוח, אָן בריהשקייט צו דערלאַנגען זייער ווונטש, צונעמען אַלצדינג וואָס זיי פאַרלאַנגען; פילן, אַז זיי פעלן אי נעגל, אי ציין, זיך צו ראַנגלען און ווערן, — דעריבער האָבן זיי, אָט די שאָף, אויסגעטראכט דאָס וואָרט רחמנות, עס גענומען פאר א כלי־זין, צו שרייען, מוסרן, בעטן רחמים, מאַכן רחמנות־פּנימלעך, און מייגען דערמיט צו פועלן... ס'איז אָבער שווינדל, גוטער ברודער, לויטער שווינדל! מע פאַרשטייט, נישקשה, אזעלכע אָנשטעלן, מע פאַרשטייט, פאַרשטייט אזא מוסר מיט אזעלכע מוסר־זאָגער... איך בין שוין, ברודער, אַן אָנגעלערנטער, אַן אויסגעריי־בערט ליולקעלע, א שטיקל מבין, ברוך־השם, אין דעם סדר העולם, כאָטשע נישט אזא גרויסער למדן. מע ברויכט נאָך דערצו נישט קיין גרויסע

לומדות, געגוג, כ'לעבן, נאָר אַ גלייכן שכל, אַ שטיקל תפיסה, קאָן מען שוין תופס זיין, אין וואָס די גאַנצע וועלט באַשטייט. זי באַשטייט פון צוויי צדדים: פון שטאַרקע און פון שלאַפע, פון וועלף, פון חיות־רעות און פון שאָף, בהמות־טהורות — די נעמען און יענע גיבן דאָס הייטל. אַנדערש קאָן עס גאָר נישט זיין. בייט איבער די יוצרות, וועט אויסקומען פונקט דאָס אייגענע. לאָז דער שלאַפער, אשטייגער, נאָר באַקומען כוח, כע־כע! שווימט ער אַרויף פון אויבן, ווערט ער דער פריץ און צעפירט זיך די הענטלעך; לאָז דאָס שעפעלע דערטאַפּן נעגל און ציין, וועט עס שטאַרק קראַצן, שאַרפן די ציין און אַראָפּציען די הויט. פּרוּוו, אַשטייגער, אייגעם פון די רחמנות־שרייער, פון יענע שלימזלניקעס און מוסר־זאָגער, פּרוּוו זיי געבן עפּעס אַ התמנות אין קהל, אויף אַן אַנדערנס אַ שטעלע, אַבי ער וועט נאָר דערשמעקן זיין כוח, אַז ער האַלט די בייטש, הייבט ער שוין אָן צו שמייסן און צו געוועלטיקן ביד רמה. גנעם איינעם אַ געבעכל און גיב די טאַקסע אים איבער, הייבט ער דאָס אייגענע טאַקע אָן, לערנען בלק מיט דעם עולם — צופּן, רייסן און אַרויסציען די קליי פון די ביינער. „נו דאַי באָה איז איוואַנאַ פּאַנאַ!" איז דאָ אַ ווערטל זייער אַ גלייך, אמתדיק ווערטל! משוגע צו הסר־דעה האָט „פּאַן" באַדאַרפט זיין איוואַ־נען איבערגעבן די בייטש. בלייב דיר ביי דיין רחמנות־פּנימל, דו גוטע כשרע נשמה, דו פרום שעפעלע, זאָג דיר מוסר, זיידל, שריי וויפל דו ווילסט, פון דיינע נעגל און ציין, ווען דו זאָלסט זיי נאָר באַקומען, וואָלט, כ'לעבן, טויזנטער מאָל נאָך ערגער געווען!...

— חלילה, איס, וואָס פאַלט דיר איין, איך מיין גאָר נישט קיין רחמנות. נאַט אייך גאָר רחמנות! עפּעס אַנדערש גאָר מיין איך. דו, איסר, זאָג איך, מעגסט אוודאַי זיין צופרידן. מהיכא תיתי. אָבער איך, איך!...

— רעד זשע, טיפּש איינער, ווערטער!... אזזזזוי! דו ווילסט אויך צופרידן זיין? גיי זשע, זיי מוחל, צו אלדי שווארצע יאָר אהין... שטעק אַריין די לאַפּע, וועסטו אויך כאַפּן אַ לעק. ביסט נישט קראַנק, כ'לעבן, אַליין צו באַשטיין דיין שטעטל, דער רוח, נישקשה, האָט דיך אויך נישט גענומען. מאָרגן, ברודער, גייט אַ נייע סדרה פון זייער פיל קהלשע עניגים, מע וועט מוזן, פאַרשטייסט, אַ ביסל צוקנעלן. הייגטיקע וואָך גייט ביי אונדז תרומה. ווען, זאָגסטו, טיפּש איינער, ווען האָבן מיר פּרשה שקלים?

ווידער אַמאָל אין אַ שמועס מיט זיין גוטן ברודער, זיצנדיק מיט אים אין שטיבל ביי אַ גלעזל ווייַן, שטאַרק אויפגעראַמט, האָט איסרן זיך געעפנט אַ מויל און אָנגעהויבן צו רעדן אַזוי:

— זייער קלוג, טיפּש אייגער, האָסטו געטאָן, וואָס דו ביסט אַצינד געקומען, איך גיי ארום מיט א פֿול האַרץ מחשבות, ווי א קו מיט פֿולע אייטער. עס בורטשעט אין מיר, בורטשעט און קאָן מער זיך נישט איינהאַלטן. איך מוז שטילערהייט אַמאָל כאָטש דאָס האַרץ אָפּרעדן. אַזוי פֿיל הערן און זען, ווי איך, און שטענדיק שווייגן, טראָגן אין זיך, איז איבער אַלע מענטשלעכע כוחות. זאָל איך נישט האָבן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אַזא שווערע האַנט, וואָלט איך אויף פּאַפּיר מיך אַמאָל אויסגעגאָסן און אָנגע־שריבן א שיין „טריאַטער", כ׳לעבן... פּאָסמאַקעווע נאָר דעם ווייַן, ברודער, האַ, וואָס זאָגסטו אויף אים? דאָס האָב איך היינט באַקומען א מתּנה פֿאַר עפּעס א געשעפֿטל.

— זייער א גוט גלעזל וויין, איסר... פֿאַר א געשעפֿטל, זאָגסטו, וואָס איז דאָס געווען פֿאַר א געשעפֿטל?

— עט, א געשעפֿטל! לעמלס עפּעס א משפּט. לעמל, דער שוטה, האָט מיך שוין לאַנג געבעטן, איך זאָל אים דרינגען א טובה טאָן, גלייך ווי איך וואָלט געווען אין „סוד" דער גאַנצער טועך. די נאַראָנים ביי אונדז אין שטאָט מיינען, אַז אַלצדינג איז אָנגעלאַנגט אין מיר, אבי איך וויל נאָר, קאָן איך העלפֿן. באשר עטלעכע שרייבערלעך עסן ביי מיר אַמאָל שבת פֿיש, ווייל די נשמה גייט זיי אויס נאָך יידישע פֿיש, מיינען שוין אונדזערע נאַראָנים, אַז איך בין מיט אַלע דאָרט פֿון גרויס ביז קליין איין לעבן. ביים פּראָקוראָר פּיִשש, אַ כּל־ולך! מיט דעם פּאָליציימייסטער אויסגעקאָכט — ברידער! אַלצדינג געוועגדט זיך אין מיר. נאָר זאָל זיין אַזוי, טיפּש אייגער. זאָלן זיי, די נאַראָנים, טאַקע אַזוי זיך מיינען און מיך קומען אַלץ בעטן טובות. ביי מיר איז פֿאַר זיי תמיד איין ענט־פֿער: מיר וועלן זען, מיר וועלן זען! מיט א ממה־נפֿשך, פֿאַרשטייסטו, זאָג איך עס — שפּילט יענער אויס, הייסט עס: איך, איסר, האָב געזען, כאָטש איך האָב אַזוי פֿיל געזען, ווי איך זע מיינע אויערן, און נעם דער־פֿאַר אַראָפּ פֿון אויבן א מנה־יפֿה. איי וואָס, יענער פֿאַרשפּילט, פֿאַר־ליר איך דאָך נישט מיין ווערט, מיינע תּקיפֿות. יענער רעכנט זיך אַזוי: איך האָב פֿאַרשפּילט נאָר ווייל רב איסר האָט נישט געוואָלט זען, אָבער ווען רב איסר וואָלט טאַקע באמת געוואָלט זען, וואָלט איך גאַנץ זיכער טאַקע אויסגעשפּילט. נו, האָט יענער אויף מיר אביסל פֿאַריבל, לאָז ער מיך קומען ווערגן, לאָז ער מיך רופֿן קנאַקגיסל! אָבער איך האָב מיין שם „תּקיף" נישט פֿאַרלוירן. עט, ער וועט זיך איבעררוגזן, נאָך א מאָל טאַקע קומען בעטן מיין לאַסקע און איך וועל אים ווידער נאָך א מאָל טאַקע ענטפֿערן: מיר וועלן זען, מיר וועלן זען. פֿאַרשטייסטו, ברידער? — לעמ־לען האָב איך אויך אַזוי געענטפֿערט: מיר וועלן זען! און אים דערביי טאַקע

בתורת=עצה אָנצוהערענישן געגעבן, אָפּצושטעקן עפּעס דאָרט־דעם, יענעם, פאַרשטייסטו? דאָרט ווו מע באַדאַרף... איך האָב זייער גוט געזען, אז מיין זען אַליין קאָן אַזוי פיל העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. לעמל דער שוטה אָבער איז ביי זיך געווען גאַנץ זיכער, אז איך זע און בעט דעם גביר מיינעם, ער זאָל אויך זען. היינט בייטאָג, אין דער גאַס, האָסטו באַדאַרפט זען, ווי לעמל מיטן ווייב זענען ביידע מיך באַפאַלן פאַר אַן עדה ייִדן מיט אַ שמחה, אַ פרייד און מיט טרערן אויף די אויגן: „רב איסר, טאַטעניו, גשמהניו! טאַקע פריער גאָט, דערנאָך איך, גשמהניו, האָבן מיר צו פאַר־דאַנקען מיט אונדזער עסק, וואָס מיר האָבן היינט אויסגעשפּילט. ווען איר, רב איסר, זאָלט זיך דאָ נישט געווען אריינלייגן, וואָלטן מיר נעבעך גע־קאָנט גיין מיט די האָר. מיר זאָגן און מיר וועלן עס טאַקע דער גאנצער וועלט זאָגן, אַז נאָר רב איסר, איין רב איסר!" פאַרשטאַנען האָב איך, אז געהאָלפן אייגנטלעך דאָ האָט געהאָלפן מיין אָנצוהערעניש — לעמל האָט, אפּנים, אָפּגעשטעקט, גוט אויסגעפאָלגט מיין עצה. האָסט באַדאַרפט זען, ברודער, בשעת=מעשה, ווי זיי האָבן מיר דאָ אַזוי געדאַנקט, וואָס פאַר אַ קנייטשעלע איך האָב געמאַכט, גלייך ווי איינער רעדט: אי! וויפל געזונט און לעבן האָט מיר אייער עסק געקאָסט! וויפיל מי האָב איך דערביי געהאַט, ביז איך האָב געפּועלט! — לעמל האָט מיר שפּעטער אַ ביסל אָפּגעשיקט אהיים מיין רח"ש און דערצו נאָך עטלעכע פלעשלעך גוטן וויין. נו, טיפּש איינער, האַ?... וואָס זאָגסטו אויף דעם וויין?

— הלוואי, איסר, לאָז מען אזוי האָבן צו זאָגן אויף דיר, אויף דיינע נאַראָנים און דעם גאַנצן שווינדל... לחיים!

— ווער דערוואָרגן, טיפּש איינער! שווינדל, זאָגט ער, שווינדל! פאַר־וואָס הייסט דאָס ביי דיר שווינדל? וואָס זענען דען די אלע עסקים, אלע מסחרים, האַק=און=פּאַק פון אויבן ביז אראָפּ, נישט קיין שווינדל? איך זאָג דיר: אַלע עסקים! אַלע, אַפילו אין עולם=הבא=זאַכן אויך. פאַר־שטייסטו?... אויף וואָס באַשטייען דען אלע מסחרים נאָך גאָר פון דער התחלה, וויאזוי ווערן זיי געפירט און מיט וואָס לאָזן זיי זיך אוים לסוף? אפשר אויף דעם אמת, מוזטו זיכער מיינען? גיין, ברודער! אמת איז נאָר א ווערטל, וואָס איטלעכער פארשטייט עס אויף זיין גאנג, אויף אזא אופן ווי אים טויג, ווי עס פּאסט אים צום ענין. דער אמתער אמת איז גאָר נישטאָ און קאָן טאַקע גאָר נישט זיין, ער וואָלט אויך געשאַדט, פאַר אונדזערע פירונגען, פאַר אונדזערע מסחרים וואָלט ער גאָר נישט געווען קיין גוט אַרטיקל. טויזנטער קאַנטאָרן, טויזנטער קלייטן און טויזנ־טער אַנדערע זאכן אזוינע, וועלכע די זעסט היינט ביי אונדז, וואָלטן ווי שפּינגעוועב זיך פונאנדערגעפלויגן, און עס וואָלט פון זיי קיין זכר, קיין

שריד־ופליט נישט איבערגעבליבן. א סך נגידים וואָלטן מיט די טאָרבעס זיך ארומגעשלעפּט. גאָט ווייסט, וואָס נאָך און נאָך און גאָר אזוינס וואָלט געווען... אפשר אויף ארבעטן, מיינסטו, באַשטייט עס אַלצדינג? אויב אזוי, ביסטו א נאַר! ארבעטן ארבעט א באַלמעלאָכע: א האָלצהעקער, אשטייגער, א וואסערפירער, א טרעגער, וכדומה. מיט ארבעט וועסטו קיין סך נישט פאַרדינען, דו זאָלסט אַפילו צעזעצטערהייט אַרבעטן, וועסטו פאָרט צען מאָל אין טאָג פגרן פאַר הונגער. גיי גיב זיך טאַקע אָפּ, אשטייגער, מיט א לעמלם אן עסק, וועסטו דערויף ארבעטן, שוויצן — וועסט האָבן דאָס לויפעניש, זיך אָפּשרייבן די פינגער און לסוף, אז עס וועט דיר שוין געראָטן, וואָס וועט דיר קלעקן דאָס פאַרדינסט? די חלה וועט דיר נישט קלעקן אויף דער המוציא, חלילה, אָבער, אַז געראָט דיר נישט, איז פאַרלוירן דיין מי און בלייבסט נאָך ביי דער וועלט אַ קאַטשאַן, אַ טויגעניכטס, וואָס פאַרשטייט נישט מאַי דקא אמרי רביצין און קאָן אַ קאַץ אַן עק נישט צובינדן. דו האָסט פוילע פיש און פאַרשטונקענע הערינג... קנייטש, ברודער, נישט אַזוי דעם שטערן! איך זאָג דיר גאָר נישט אַזאַ פילאָזאָפיע, נאָר פּראָסטע, ריינע ווערטער. פילאָזאָפיע טויג אויך אויף כפּרות. צו גרויסע חכמות איז דווקא אַ גרויסער חסרון, די וועלט האָט עס פיינט, היט זיך דערפאַר ווי פאַר פייער, און איז טאַקע גערעכט. גרויסע בריות, געלערנטע מענטשן גייען אַרום אין צעריסענע שטיוול אָן פּאָדעשוועס. פיל בעסער גייט עס אין דער וועלט דעם קליינעם מענטשעלע. מע באדארף גאָר אזוי נישט טויגן, זיין א גרויסער חכם, א בריה. דער עיקר, וואָס מע מוז אָבער האָבן, איז: א פּיסקעלע אויף שרייפלעך, עס זאָל זיך דרייען, ווען עס קומט אוים, אין אַלע זייטן; אַ צינגל אָן ביינער, עס זאָל זיך ווארפן אהין־אהער, א לעק דעם, א לעק יענעם; א רוקן, וואָס זאָל קאָנען, אז מע באדארף, זיך בייגן, איינהויקערן אין צענטן... חנפענען, צבועטשען, ליגנערן, הייסט עס! — וועסטו זאָגן, מאכנ־דיק דערביי אַ פרום פּנימל. נו, לאָז זיך זיין אַזוי, וואָס זאָל מען טאָן? געלט מוז מען האָבן, אָן געלט ביסטו דאָך אוודאי גאָרנישט, נאָך טויזנט מאָל קלענער, ווי דאָס קלענסטע קליין מענטשעלע. דו ביסט אי קליין, אי געמיין. וואָס איז, ברודער, אין דער וועלט אַ קבצן? דו קאָנסט דען דיר גאָר אַזוי משער זיין, אַפּנים, ווי נגידים האָבן פיינט אַ קבצן! דאַכט זיך, זיי רעדן אַמאָל מיט אים און האָבן אויף אים אַמאָל כלומרשט רחמנות, אין אמתן אָבער קאָנען זיי אים נישט ליידן, ער איז זיי גרויס אין די אויגן און טראכטן: צוואָס דרייט זיך אַזאַ נפש אויף דער וועלט גאָר ארום? עפּעס קומט ער זיי פאָר, ווי אַן אָנשיקעניש — אַן איבערביינדל, אַ שטיק ווילד־פלייש און עס גיט זיי עפּעס אַ שטאָך אין האַרץ, אַז זיי דערזעען אים.

זיי דאַכט זיך אַלץ, אַז ער איז אויסן אויף זייער לעבן — אויף זייער בייטל: אַז ער איז להוט נאָך זייער נשמה — נאָך זייער געלט. איך האָב אסור נישט קיין ווערטער דיר עס אַזוי ווייט אַרויסצוזאָגן. ביסטו, ברודער, אַ קבצן, ביסטו אָפּגעשטאָרבן פון דער וועלט. דיינע פריערדיקע פריינד, באם זיי זעגען רייך, האַלטן זיך פון דיר ווייט. מאַכן זיי דיר אַמאָל אַ וויזיט, האָט עס נאָר אַ פּנים, ווי אַן אויפגעקומענע גבירה כאַפּט זיך אַמאָל אַראָפּ ערגעץ אין אַ קליין שטעטל, אויף קבר־אבות צו אַ געשטאָרבענעם טאַטן, אַ קבצן, אויספּוצנדיק זיך דערביי אין פערל, אין דימענטן, דאָס אָרעמע קליינע שטעטל זאָל אָנקוקן, זאָל פון איר הנאה האָבן... אין חומש צי אין שיר־השירים, דאַכט זיך, שטייט אויך, ווי זאָגט מען עפּעס: העני חסיה נח־מעס (עני חשוב כמת), דאָס הייסט אַ קבצן שמעקט מיט קברות־בלעט־לעך... אין געלט, ברודער, באַשטייט די גאַנצע חכמה, אַלצדינג... האָסטו געלט, האָסטו די וועלט און יענע וועלט. נאָר היינטיקע צייט געלט צו האָבן הייסט, ווי עס האָט תמיד אין אַלע צייטן געהייסן — זיין אַ קליין מענטשע־לע, און אַ קליין מענטשעלע הייסט, לאָז זיך זיין, ווי דו, ברודער, זאָגסט — חנפענען, צבועטשען, וואָס אין דער קאָרט... לחיים, גוטער ברודער!

— לאָמיר זיין געזונט, איסר, און האָבן תמיד אזעלכע לעמלעך! נו, איסר, דיין גביר, ביי וועלכן דו ביסט די נשמה, וואָס איז ער אַזוינס?

— אָט פון אים, ברודער, וויל איך נישט רעדן. פאַרשטייסטו? איך וויל פון אים נישט רעדן. פון דער צייט, וואָס איך האַלט אים אויף דער אַרענדע, וויל איך פון אים נישט רעדן.

— וואָס הייסט, איסר, אויף דער אַרענדע? נאַט אייך גאָר אַ נייס! וואָס הייסט, דו האַלסט דיין גביר אויף דער אַרענדע? אַ מיל איז ער, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אָדער אַ קרעטשמע, וואָס דו האַלטסט אים אויף דער אַרענדע?

— וואָס מאַכט עס אויס, טיפּש איינער? וואָס איז די נפקא־מינה: אַ גביר, אַ מיל, אַ קרעטשמע, אַ רוח, אַ טייוול און דער שוואַרץ יאָר ווייסט, וואָס נאָך אזעלכעס? אלציינס, אבי אן ארענדע!... העע־הע־הע, ברודער! דו ביסט נאָך גאָר אַ מלמד, אַ שוטה, מיין איד, אַ פּריץ. מע מוז דיר נאָך אַלצדינג אויסטייטשן. נו, לחיים! מאַך־זשע, ברודער, נאָך אַ כוסה... אַצינד וועל איך פּרווון ווי־ס'איז דיר עס דערקלערן. עס וועט זיין טאקע אביסל שווערלעך, נאָר נישקשה, וועסט נישט קראַנק זיין זיך אָנצושטויסן. לאָמיר טאַקע אָנהייבן פון אַ מיל:

אַ וואַסער אָדער אַ ווינט איז אויף דער וועלט אַ גרויסער כוח. קומט דאָס מענטשעלע, וואָס וויל מיט אַלצדינג זיך באַנוצן, שטעלט אַנידער אַ געביי מיט רעדער, מיט שטיינער, און מאַכט, אַז דאָס וואַסער אָדער

דער ווינט זאָל דרייען די רעדער. די רעדער ווידער דרייען די שטיינער און
עס מאָלט זיך. פאַרשטייסט? הייגט, טיפּשל מייגער, לאָמיר גיין ווייטער.
ראשית=חכמה איז כוח, דערויף שטייט די וועלט מיט אלע זאכן אין איר.
אַ נגיד, ווי דו ווייסט, איז אין דער וועלט אויך אַ גרויסער כוח. אַלע ווערן
פאַר דעם נגיד בטל, ווערן פאַר אים די כפרה; אַלע קריכן און „שאַפּקע=
ווען“ פאַר דעם רייכן, אי אַזעלכע אַפילו, וואָס זיי קומט פון אים לחלוטין
גאָרנישט אַרויס; וואָס האָבן פון אים נישט געהאַט אַמאָל, האָבן פון אים
נישט אַצינד און וועלן פון אים נישט האָבן אי שפּעטער, קיינמאָל נישט,
אַפילו אַ טרונק וואַסער, נאָר טוען עס גלאַט, ווייל אַ רייכן קומט כבוד,
גאָר אָן א שום נוצן פון אים, ווייל א נגיד קומט אלצדינג. און איך, איסר,
זאָג: ניין! דער עיקר, וואָס אין אַ נגיד באַדאַרף מען שעצן, איז נאָר זיין
געלט, דער נוצן הייסט עס, וואָס מען קאָן האָבן פון זיין געלט. פאַרשטייס=
טו? זיין געלט איז נומער 1, און ער אַליין נומער 0, גאָרנישט הייסט עס.
אַזאַ נגיד, זאָג איך, וואָס נוצט דיר כלל נישט, זאָל ביי דיר אַזאַ אָרט פאַר=
נעמען ווי גאָרנישט. וויבאַלד אַז נישט דער עיקר, צו אַלדי רוחות, וואָס זשע
איז מיט אים אַזוי דער יחוס? קוק זיך אויף אים אַפילו נישט אום און הער
אים אזוי ווי אין טשערנאָוויץ די מגילה... הייגט באַדאַרפסטו וויסן ווייטער,
אַז אַ קלוגער באַדאַרף מיט אַלצדינג אין דער וועלט זיך באַנוצן. פאַר=
שטייסטו? אַצינד וועל איך דיר עס איבערחזרן נאָך אַ מאָל. — נעם דעם
כוס אין דער האַנט און זאָג מיר נאָך, מיט כוונה, טיפּש איינער, זאָג: אויף
כוח באַשטייט אַלצדינג. אַ נגיד מיט געלט איז אין דער וועלט אַ גרויסער
כוח, און א קלוגער באַדאַרף מיט אלצדינג אין דער וועלט זיך באַנוצן,
בכן באַדאַרף מען פונעם רייכן קאָנען מאַכן אַ נוצן. וואָס מיינסטו, מען
זאָל ביי אים פּשוט גראָב נעמען געלט, נאָר געלט? ניין! מע באַדאַרף
אויך נעבן אים קאָנען שטעלן אַ ווינטמיל, ער זאָל מיט זיין ווילדן כוח
טרייבן און דרייען די רעדער — עס זאָל זיך מאָלן! אָדער מע באַדאַרף
נעבן אים זיין אַזוי ווי אַ קאָמעדיאַנט נעבן דער קאָמעדיע, אָדער ווי אַ צי=
גיינער נעבן זיין בער. האָסטו מיר, מילנער, אָפּגעמאָסטן אַ פול מעסטל
פונעם קאָרן דיינעם, נו גיי מאָל דיר געזונטערהייט אין מיין ווינטמיל! האָס=
טו באַצאָלט מיר, קאָמעדיאַנט, פאַר אַ בילעט, גיי זשע דיר אַריין אין דער
קאָמעדיע מיינער און זע די שיינע אָנשטעלן! אָדער האָסטו געגעבן מיר,
ציגיינער, עטלעכע גראָשן, וועל איך הייסן מיין בער דיר טאַנצן! פאַר=
שטייסטו? איך האַלט מיין גביר אויף דער אַרענדע, האַלט איך! דו ווילסט
צום גביר, צו מיין ווינטמיל — גיב זשע מיר אַ „מעסטל“. איך בין דער
אַרענדאַר. דו ווילסט, מע זאָל פאַר דיר מאַכן די קאָמעדיע, דיך „אונטער=
האַלטן“ אַ ביסל מיט אָנשטעלן — באַצאָל מיר פריער פאַר אַ בילעט,

איך בין דער קאָמעדיאַנט. אָדער ווילסטו אפשר, מיין גביר זאָל זיך פאַר דיר שטעלן אויף די לאַפּעס, לייגן זיך פאַר דיר אין דער לענג, אין דער ברייט, און ברומען — אַרויס פריער מיט עטלעכע גראָשן, גיב מיר, זיי מוחל, וואָס מיין גוטער ווילן וועט זיין, איך בין דער ציגיינער!... הייסט פארשטייסטו, טיפּשל? גענוג פאר היינטיקס מאָל געלערנט!... לחיים, גוטער ברודער!

— לחיים, איסר, פאר דיין ווינטמיל! לחיים, לחיים, פאר דיין קאָמעדיע און פאר דיין בער! דיינע רעדער זאָלן זיך דרייען, דיין קאָמעדיע זאָל אָנגיין, און דיין בער זאָל טאנצן, טאנצן, טאנצן...

## יז

עס פארשטייט זיך, איסרס דרך, איסרס בליק אויף דער וועלט, איז פאר מיר תחילת געווען צו הויך, און א סך ווערטער דערפון נאָר תרגום. איך האָב נאָך נישט געוווסט, מיט וואָס מען עסט עס. נאָר יענע ווערטער זיינע אָבער, אז געלט צו האָבן הייסט צו זיין א קליין מענטשעלע, און א קליין מענטשעלע הייסט הנפּענען, צבועטשען, ליגנערן — דאָס האָב איך באַלד טאַקע אויפגעכאַפּט. אַט־אָ דאָ בין איך שוין דערגאַנגען דעם רעכטן סוד. אָבער גאנץ גוט וואָס הייסט אזוינס הנפּענען, צבועטשען — דאָס האָב איך נאָך לעת־עתה נישט רעכט פארשטאַנען.

איך מוז דאָ באַמערקן, אַז דעמסטמאָל האָב איך נאָך נישט גוט געוווסט בכלל צו אונטערשיידן, וואָס מע מעג און וואָס מע טאָר נישט. אַן עבירה האָט ביי מיר געהייסן: קוקן, אַשטייגער, אויף ד כוהנים בשעת דוכענען; נישט שלאָגן קיין כפּרות, נישט גיין צו תשליך; שניידן די נעגל כסדר, נישט איבערהיפּן אַ פינגער איבער אַ פינגער; נישט צולייגן צו די אָפּגעשניטענע נעגל דריי פּיצלעך האָלץ, אָפּגעשניצט פון אַ שטענדער צי פון אַ טיש, זיי זאָלן אויף יענער וועלט דאָרט דינען פאַר כשרע עדות; נישט גלייבן אין א בעל־שם, נישט גלייבן אין א לץ; נישט גלייבן, אז אין דער גרויסער שול דאַווענען ביינאַכט מתים; נישט גלייבן אין עולם־התוהו — דאָס הייסט: נישט גלייבן, אַז אַ סך מענטשן גייען אַרום צווישן אונדז, דאָ אויף דעם עולם, זיי האַנדלען, דאַכט זיך, זיי מאַכן געשעפטן, זיי פאָרן אויף יאַרידן, קויפן און פאַרקויפן, הו־האַ־הו! און באמת זענען זיי גאָר מתים, טויטע־געשטאָרבענע, נעבעך, אויף דעם עולם־התוהו... נישט גלייבן אַז צום בעזליודעווער פלעגן קומען מתים צום משפּט, געפירט פונעם מלאך־הדומה מיט אַ קאָמאַנדע מלאכי־חבלה, ווי אַרעסטאַנטן, אָדער נישט צו גלייבן, אז „ער" טאקע, עליו־השלום, האָט געהאט קפיצת־הדרך — פונ־

דאַנען אין הימל איז ביי אים געווען אַ שפּיי, ער איז דאָרט געווען אַ חשוב,
געהאַט אין דער האַנט דעם שליסל פון קינדער, פון שניי און רעגן; נישט
גלייבן אין אַ גילגול, דאָס הייסט, נישט גלייבן, אַז מענטשן ווערן מגולגל
אין בהמות, חיות און עופות, אַז אַ געוויסער עושר, ווי עס שטייט גע=
שריבן, איז געוואָרן אַמאָל אַ חזיר; איינער, עפּעס אַ פיינע בריה — איז
געוואָרן, נישט פאַר אונדז געדאַכט, אַן אייזל; נאָך איינער, עפּעס אַ גרוי=
סער פּאָדריאַטשיק — אַ פויגל, וואָס האָט, נישט פאַר יידישע קינדער גע=
דאַכט, שטאַרק אָנגעפּייפּט... ווייטער איינער, עפּעס אַ „גלאָסנע", איז גע=
וואָרן אַ פיש נעבעך, פּונקט מיט אַזאַ „גאָלאָס", אַזאַ שטימע, ווי פון
אַ שלייען... קורץ, אָט אַזעלכע מיני זאַכן האָבן ביי מיר געהייסן עבירות,
אָבער חנפענען, צבועטשען, זיין אַ קליין מענטשעלע, דאָס איז אין מיין
צעטל נישט געשטאַנען, מהיכא=תיתי, פאַרוואָס נישט זיין אַ קליין מענ=
טשעלע? מען איז דאָך רייך און גליקלעך, איז דאָך טאַקע גוט. אַ קליין
מענטשעלע האָט מען נישט די העזה צו הרגענען, צו שלאָגן — און אַז
מען שלאָגט, טוט דאָך עפּעס אַזוי ווייי! אַ שניידערקע, אַז דער=
לאַנגט אַ טעלעמעטשע, ווערט דאָך אַזש פינצטער אין די אויגן. וועד
שמועסט — אַ חזן, אַז ער דרייט ביים אויער, קאָן מען טאַקע יאָרצייט
פאַרגעסן. און אויסציען זיך אויף דער ערד אָנצוטאָן, אָדער אויסצוטאָן
יענעמס קאַלאָשן, בשעת יענער האַלט זיך ביי די זייטן און קוקט אויף דער
סטעליע, דאָס איז, כ'לעבן, אויך עפּעס נישט קיין געשמאַקע זאַך. אַוודאַי
האָט מיר זיך געגלוסט זיין אַ קליין מענטשעלע גלייך ווי די אַנדערע, פּטור
צו ווערן מיטאַמאָל פון אַלע צרות און לעבן ווי יענע אַלע גליקלעך, אין
עושר און כבוד. דעריבער טאַקע פלעג איך באַשטענדיק מיט גרויס חשק
מיך אונטערהערן אונטער דער טיר, בשעת איסר וואַרגער פלעגט שמועסן
מיט זיין גוטן ברודער. איך האָב זיך אָנגעהערט זייער פיל זאַכן און דער=
נאָך טאַקע זוכה געווען צו פאַרשטיין גוט זיינע ווערטער. איך האָב אים
מיט דער צייט אַ סך בעסער פאַרשטאַנען ווי דעם תלמוד=תורה=מלמד.

אמת טאַקע, אַ לעקעש בין איך געווען אין דער יוגנט, זייער נאַרי=
שעוואַטע, נאָר ווי שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, בין איך נישט געווען
אַ נאַר פון דער נאַטור, וואָס דען זשע? אַ געמאַכטער. די מעשה דערפון
איז, וואָס תמיד, פון דער קינדהייט אָן, בין איך געווען פאַרוויסט, פאַר=
וואָגלט און דערשלאָגן. מע האָט מיך אויפגעהאָדעוועט מיט קללות, גראָ=
בע מיאוסע ווערטער, מיט שמיץ, מיט קלעפּ און מיט טויטשלעג. ווער עס
האָט נאָר געוואָלט, האָט אין מיר אַריינגעלייגט, מיר געבראָכן די דאַרע
ביינער. נו, ווי זאָגט מען עפּעס: פון על=חטא ווערט מען נישט פעט; פון
אַ סך שלאָגן ווערט מען טאַקע דערשלאָגן. אַ קאַטאָוועס עפּעס, וואָס מיין

ליבּ, מיין אויסגעדאַרט לייב, האָט אין זיך געבּער אַריינגענומען! איך גע־
בּעך לייד הונגער, קעלט, פּיל, ווי עס גייען מיר א יס די כוחות, עס שטעכט
מיך אין אַלע גלידער, ס׳איז מיר נישט גוט — איז אָנשטאָט מע זאָל
זאָגן: אַ רחמנות, אַ קינד גבּער גייט אויס, אַ מענטש, אָדער לאָז זיך
זיין אַפילו גלאַט אַ גאָטס באַשעפעניש צאַנקט נעבעך, ווי אַ ליכט, ער איז
הויט און ביין, — נעמט מען נאָך און מע רייסט מיר מיין דאַרע קוואַרע
שטיקל פליייש, נעמט מען נאָך און מע גיט מיר נאָך ווייטיק און שטעכעניש,
נעמט מען נאָך און מע צופּט מיר דאָס איבעריקע שטיקל הויט אויס!...
איך בין פשוט געווען פאַרטויבט און פאַרדולט. הײנט דערצו נאָך, באַדאַרף
מען וויסן, בין איך געבוירן געוואָרן אין בעזליודעוו, וואָס אין תוך אַריין
איז זי אַ קליין שטעטל, און אַ קליינשטעטלדיקער בלייבט טאַקע אַ קליינ־
שטעטלדיקער. די קליינשטעטלדיקע לייט זענען עפּעס טאַקע גאָר אַנדערע
מיני מענטשן, מיט אַנדערע חושים, מיט אַן אַנדער טעם, אַן אַנדער
ריח, אַן אַנדער מוח. זיי שטינקען נישט, זיי שמעקן נישט, נישט פיש,
נישט פליייש, עפעס פאַר זיך מיני ברואים...

איך וויל דערמיט אייך נישט מער אויסבּרייען, אַז איר זאָלט זיך נישט
וווּנדערן, ווי קומט עס, וואָס אזוי א נאַר, א לעקעש ווי איך, פלעג אמאָל פּאַרט
פאַלן גלייך און דענקען מיט אַ גאַנג. אמת טאַקע, אַ נאַר בין איך געווען
און בין מיט מיין נאַרישקייט געפאַלן איטלעכן אין די אויגן, אָבער פונ־
דעסטוועגן נישט קיין נאַטירלעכער, נאָר גלאַט אַ פאַרדולטער, אַ דער־
הרגעטער, אַ דערשלאָגענער. עס האָט מיר אין קאָפּ נישט געפעלט קיין
קלעפּקע, נאָר די קלעפּקע איז נאָך נישט געווען באַאַרבעט, אָפּגעהובליעוועט.
אָט־אָ דאָס בין איך געווען. דעריבער האָב איך מיך נאָך געקאָנט שפּעטער
עפעס אויסלערנען, מיך עפעס אָנשטויסן, און דעריבער האָב איך געקאָנט
איבערנעמען רב איסר וואַרגערס תורות.

ביי איסר וואַרגער האָב איך אַוועקגעדינט אַ סך יאָרן. אין דעם משך
צייט האָב איך מיך אויסגעשליפן, האָב גוט פאַרשטאַנען און געקענט
אלצדינג, וואָס א קליין מענטשעלע באַדאַרף צו קענען, וואָרעם איך פלעג
זיך שטאַרק צוהערן מיט קאָפּ, און בין געווען דרינען א מתמיד. איך
האָב שוין געקאָנט אין מיין גראַד אָפּאַרבעטן מעשים, מאַכן פוילע תנועות
און גיין אַליץ מיט שפיצלעך. די גרעסטע הנאה האָב איך געהאַט אָפּצוטאָן
איינעם אויף טערקיש. גלייך ווי איך וואָלט מיך אין אים נוקם געווען,
כאָטש ס׳איז נישט געווען פאַרוואָס. גלאַט די זאַך אַליין — דאָס אָפּטאָן
אויף טערקיש און דאָס אויסדרייען זיך דערנאָך גלאַט ווי אויף אַ טעלער,
האָט מיר געמאַכט פאַרגעניגן, פונקט ווי אַן אָרעמען ישיבה־בחור מאַכט
פאַרגעניגן אַ שטיקל אויפטו אין דער גמרא. צי קומט דערפון עפעס אַרויס

צי ניין, אַבער אַ שיינער איינפאַל, אַ שטיקל שכל איז דאָך עס דערוויילע!...
דאָס געפיל פון יושר, פון רחמנות, האָט ביי מיר נישט דערלעבט גאָר אָנ־
הייבן צו וואַקסן.

„יושר איז א גומילאסטיק, וואָס לאָזט זיך ציען, ווי מע וויל, דאָס
איז א „כי הנה כחומר", וועלכס דער מענטש האָט ביד צו בייגן עס אזוי
אי אַזוי, צו מאַכן דערפון עפּעס, וואָס עס איז נאָך זיין פאַרלאַנגען. רחמנות
דאָס איז אַן אויסגעטראַכט וואָרט, איינגאַנצן נאָר אַ שווינדל. דו, אַז דו ביסט
שלאַפער פון מיר, ביסט א שלימזלניק, א טויגעניכטס, ווילסטו מיך איינ־
רעדן כלומרשט רחמנות!" — אַזוי האָט געזאָגט איסר וואַרגער.

איך בין געווען איסרס אַן אמתער תלמיד, האָב מיר געגעבן מי, מיך
געפלייסט, דעם רבין מייַנעם צופרידנשטעלן, טאָן אַלצדינג נאָך זיין גע־
שמאַק, ווי אים געפעלט, דערפאַר האָב איך געפונען חן און לייטזעליקייט
אין זיינע אויגן, אַזוי אַז ער וואָלט פאַר מיר, ווי מע זאָגט, קיין זאַך
באָרשטש נישט גענומען.

אַז איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך אָנגעהויבן מיך שטאַרק צו באַ־
טראַכטן און זיך אַליין אַלץ פרעגן: „מתי אעשה לביתי?" ווען, הייסט עס,
וועל איך שוין אָנהייבן עפּעס טאַקע צו טאָן, איך זאָל אויפגעריכט ווערן?
„ואני באתי בימים" — און איך בין דאָך שוין אַ בחור, ברוך־השם, מיט
אַ סימן בערדל! אמת טאַקע, איסרס תורה קען איך גוט, קען זי מיט אַלץ
פשטלעך, נאָר „לא המדרש עיקר" — פלעגט דער תלמיד־תורה־מלמד
זאָגן — נישט דאָס לערנען איז די קונץ, דער עיקר איז די מלאכה: „דאָס
שמייסן". איך האָב אַלץ געטראַכט, געטראַכט, אַזוי לאַנג — אַזוי ברייט,
ביז איך בין געפאלן אויף א הסברה אזוי: א־א, דו נאר איינער! — מאך
איך צו מיר אליין — איסר וואַרגער, דער רבי, זאָגט: „א קלוגער באדארף
מיט אלצדינג אויף דער וועלט זיך באנוצן. דעם נגיד, זאָגט ער, באדארף
מען נעמען אויף דער ארענדע, מיט אים שפּילן די קאָמעדיע, מאכן מיט
אים די קאָפּעקע" — ס'טייטש, איסר אליין איז דאָך שוין אויך א כוח, גו,
נעם און שטעל אַ ווינטמיל, איסר זאָל דרייען דיינע רעדער! ס'טייטש, גע־
בראָטענע טויבן פליען דיר אין מויל אַריין, און דו, בהמה, שרייסט עסן!...

איך וויל אייך דאָ נישט א ים ברייען, איך הייב אָן איסרן חנפענען,
זוך מיר אוים טויזנטער וועגן, ווי צו אים זיך צושמייכלען, ווי אים א־גע־
וויניק אין האַרץ אַריינצוקריכן, ביז איך האָב אים למזל דערטאַפּט און ווער,
אין א גוטער שעה, זיין נשמה!... איסר איז דאָך נישט מער ווי א מענטש,
ער האָט אויך ליב געהאט, מע זאָל אים חנפענען, קעצקען, מע זאָל אים
באַוואונדערן און פון אים שטאַרק הנאה האָבן; הגם ער האָט זייער גוט
געוווסט, וואָס פאר א האפט, וואָס א ממשות דאָס חנפענען האָט. ער אליין,

אַשטייגער, אַז ער זאָגט איינעם: איר זענט דאָך אַ חכם, אַ גוטער, אַ פרו⸗
מער, אַ בעל⸗צדקה, אַ כשרער, ערלעכער מאַן — הייסט עס גאָר קאַפּויער:
אַ שוטה זענט איר, אַן אַכזר, אַ צבועק, אַ קאַרגער הונט, אַ גנב⸗שבגנבים,
דאָס שוואַרצאַפּעלע פון אויג! אַזוי איז שוין, אפּנים, אויף דער וועלט, אַז
איטלעכער לאָזט זיך איינרעדן, איטלעכער האָט ליב זיך צו נאַרן... נאָר מיינט
ניִשט, אַז דאָס איז מיר גרינג אָנגעקומען. ניִשט אַזוי גיך טוט זיך, ווי עס
רעדט זיך. עס האָט לאַנג געדויערט, ביז מיר איז געראָטן צו ווערן איסרס
א חשוב. אייך ווערט אפשר קשה זיין, ווי ווערט עס א משרת א חשוב? אי,
האָט אויף מיר קיין פאריבל ניִשט; ואויב אזוי, קענט איר דאָך ניִשט די
וועלט! כמעט אַלע משרתים זענען חשובים, און כמעט אַלע חשובים זענען
משרתים

אַז דער עולם האָט דאָ אַרויסגעזען מיין חשיבות, אַז איך בין איסרס
נשמה, זיין חשובער משרת, האָט מען מיך אָנגעהויבן צו גלעטן, אָפּצוגעבן
מיר אַ ברייטן גוט⸗מאָרגן, ווי דער סדר⸗העולם איז. אַזוי געווייִנטלעך איז
שוין דער איינפיר מששת ימי בראשית. אויבן און אונטן, אויף דער וועלט,
אַז מע באַדאַרף עפּעס האָבן צו דעם פריץ, זעט מען פריער זיך צושאַרן
צו זיינע חשובע משרתים, זיי צו געפעלן. אַריינצולאָזן זיך מיט זיי אין
עפּעס א שמועס מיט זיסע ריידעלער, צו ווערן כלומרשט מיט זיי נאָענטע
שמעלקעס און אנב טאַקע אַריינשטופּן זיי עפּעס אין הענטל, טראַכטנדיק
דערביי: לאָמיך זיי פאַרשטאָפּן דאָס מויל, לאָזן זיי זיך ניִשט קרימען,
ניִשט משטין זיין, ניִשט בילן. אָדער גאָר אַזוי: ניִשקשה, לאָזן זיי דעם
פריץ ביים וועג גייענדיק אַריינלאָזן אין אויער אַ גוט וואָרט, אַ משרת
אַ מליץ יושר קאָן אַמאָל זייער פיל העלפן. דאָס, וואָס אַ משרת פועלט
אַמאָל ביי זיין אָדון, קאָנען עס גרויסע לייט ניִשט פועלן — דער משרת
ווייסט ביים אדון דאָס האַרץ און פאַרזעט אים מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס מען
טאָר ניִשט זאָגן... האָט איינער באַדאַרפט צו איסרן — און ווער האָט
דען ניִשט באַדאַרפט צו איסרן? — דאָ האָט ער שוין פריער אָפּגענוצט
מיין לאסקע, עס זאָל זיין באוויליקט פון מיר, איך זאָל בעטן פאר אים
דחמים און דערמאָנען אים צו גוטן ביי אַ שמ עס מיט רב איסרן. פון
געלט און מתנות איז שוין קיין רעדע ניִשט געווען, מיט „יהי⸗רצון“ אַליין
איז מען ניִשט אָפּגעקומען. יענער האָט געמיינט אַבי ביי מיר האָט ער גע⸗
פועלט, אז איך זאָל ביי רבי איסרן פארווארפן פאר אים א וואָרט, איז
ער שוין געהאָלפן, כאָטש איך האָב מיר געוווסט מיינס, אַז איסר אַליין
קאָן אים אַזוי פיל העלפן, טאַקע אויף איסרס רייד, „ווי אַ טויטן באַנקעס“.
וואָס אַרט עס מיך? לאָז ער מיינען און געבן געלט, און ווען אַפילו ס'איז
א מעגלעכקייט געווען יאָ צו העלפן, וועט דאָך איסר נעמען און טאָן זיינס

גאָר אָן מײַן שתּדלנות. יהיה=איך=שיהיה, אַזױ צי אַזױ, װעט האָד איסור=
אַלץ נעמען געלט און מאַכן װי דער שטײַגער זײַנער: „מיר װעלן זען,
מיר װעלן זען, מיר װעלן זען!״ הײַנט צװאָס טויג איך גאָר דאָ אינ=
דערמיט? נאָר װײַטער טאַקע, װאָס אַרט עס מיך? לאָז יענער מײַנען
און געבן געלט.

אָט אויף אַזאַ אופן האָב איך מיר אָנגעהויבן ביסלעכװײַז נתגדל
צו װערן, צו נעמען אויף זיך לײַב און טאַקע צונויפגעקליבן שײנע עטלעכע
גילדן.

## יח

פּוצן און קלײדן זיך, דאָס איז געװען מײַן בעסט פאַרגעניגן, װי דער
שטײגער איז פון אַלע אויפגעקומענע משרתים, װאָס האָבן ליב אַרויפצו=
ציען אויף זיך אַלצדינג, װאָס נאָר זײ קאָנען — צו גײן באַהאָנגען מיט
בלישטשענדיקע קײטלעך, קנעפּלעך, פינגערלעך און זײערע שטיװל זאָלן
גלאַנצן װי די שפּיגלעך, בכדי אויפרײסן דער װעלט די אויגן, זי זאָל
זיך אויף זײ װונדערן און חידושן. שבת פלעג איך געװײנטלעך מיך אויס=
פּוצן װי א טאָק און דורכגײן זיך מיט מײַנע חברים, צו װײַזן זיך אויף
חידושים פאַר דער װעלט און צו באַטראַכטן די אַלע װײַבלעך און מײדלעך,
װאָס גײען קאָמפּאַניעסװײַז שפּאַצירן. איך האָב געקענט אין דער שטאָט
כמעט אַלע דינסטן און געװוּסט מעשׂיות, היסטאָריעס פון א סך װײַבלעך,
צװישן װעלכע איך האָב געהאַט זײער פיל באַקאַנטע.

אַז איך האָב אײנמאָל שבת=נחמו געשפּאַצירט מיט חבֿרה אין דער
שטאָט, װוּ עס האָבן זיך געשאָטן ײדישע טעכטער אין זײַדענע און סאַ=
מעטענע מלבושים, באַהאָנגען מיט פּערל און מיט אַלערלײ מיני צירונג,
איז מיר אַקעגנגעקומען עפּעס א מײדל, אָנגעטאָן זײער פּראָסט אין אַ סיצן
קלײדל, רײן װי זילבער. איר פּנים האָט געשײַנט װי דער ליכטיקער מאָרגנ=
שטערן און פאַרטונקלט אַלע אַנדערע מיט זײערע פּערל און דימענטן,
זײ האָבן אַקעגן איר זיך אָנגעזען װי א ליכט אַקעגן דער זון. בײַ דער
זײַט איז איר געגאַנגען א יונגערמאַן, א סטאַטעטשנער, זײער שײן גע=
װאַקסן. איר שײנקײט האָט מיר פאַרנומען די אויגן, איך בין געבליבן
אַ היפּשע צײַט שטײן, װי צעקאָכט, און נישט געהערט נישט געזען, װאָס
אַרום מיר טוט זיך. אַז איך בין שפּעטער אַביסל צו זיך געקומען און מיך
אַרומגעקוקט, האָב איך זי מער שױן נישט געזען. זי האָט דערװײַל זיך
פאַרמישט צװישן דעם עולם און פאַרשװוּנדן געװאָרן, אַזױ װי א פליענ=

דיקער שטערן אין די זומער־נעכט. נאָר איך ביל״ אָבער איר מיר געבליבן איינגעבאַקן טיף אין האַרצן. און פון יענער צייט אָן האָב איך זי נישט געקאָנט אויף אַ רגע אַרויסשלאָגן פונעם קאָפּ. עס האָט תמיד פאַר מיר זיך אויסגעמאָלט איר פּנים, איר געשטאַלט, און ביינאַכט, אין דער פינצ־טער, האָבן אקעגן מיר געפינקלט, געלויכטן אירע ברענענדיקע אויגן, ווי צוויי ליכטיקע שטערן אויס דעם שווארצן אָפּגרונט העט־העט אויבן אין הימל. עס האָט מיר אַלץ געדאַכט, אז זי איז מיר שוין לאַנג באַקאַנט, דאַכט זיך, איך האָב זי אין מיין לעבן שוין אמאָל געזען, נאָר ווען און ווו האָב איך נישט געקאָנט מיך דערמאָנען. דאָס איינגשפּאַרעניש עפּעס זיך צו דערמאָנען און נישט קאָנען איז אַזאַ מין צער, וואָס צו פילן עס — איז אומשטאַנד נאָר יענער, וואָס איז דערמיט געפּרווט געוואָרן. דאָס האָט מיר געקראַצט, געפּיקט אין קאָפּ א שרעק, טאַקע נאָר משוגע צו ווערן. איך האָב מיר פאָרגענומען, אז איך מוז מיר דערגיין, ווער דאָס מיידל איז און אויפזוכן, ווו זי זיצט.

אַמאָל בין איך צווישן טאָג און נאַכט גראָד געגאַנגען ערגעץ אין אַ פאַרלעגן געסל. דער בלויער לויטערער הימל האָט ביי די ברעגן זיך באַדעקט מיט שווארצע פאַסן וואָלקנס, אין וועלכע עס האָבן צייטנווייז זיך דורכגעוואָרפן בליצן ווי לאנגע פייערדיקע שטרייפעלעך. אין דעם געסל איז געווען שטיל, נישט קיין פוס פון א מענטשן, און איך בין מיר גע־גאנגען זייער פארטראכט, עפּעס שטארק מרה־שהורהדיק. פּלוצעם דער־הער איך א ביטער געשריי, וואָס האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ. איך גיב א בליק — אקעגן מיר לויפט איינער מיט א פעקל גיך און געשווינד, ווי א גנב, וואָס וויל אַנטרונען ווערן. שטיי! — האָב איך א געשריי געטאָן, זיך געשטעלט באַהאַרצט דעם פאַרשוין אקעגן און אויפגעהויבן אויף אים מיין גראָבן שטעקן. יענער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, ארויסגעלאָזט פון די הענט דאָס פעקל און אליין איז ער אנטלאָפן. גיך פארשווונדן גע־וואָרן. נישט ווייט פון מיר נעבן א פּלויט איז געלעגן אויף דער ערד עפּעס א מענטש. אז איך בין צוגעלאָפן צו אים מיט דעם פעקל, האָט ער אפילו קיין ריר זיך נישט געטאָן. אינדרויסן איז דערווייל טונקל גע־וואָרן פון א שטיק שווארצער כמאַרע, וואָס האָט אָנגערוקט אויבן אין הימל. איך כאַפּ אין איילעניש אָן דעם מענטשן ביים קאָפּ און מונטער אים. מיט אמאָל הייבט אָן שטאַרק און אָפּט צו בליצן, איין בליץ נאָך דעם אַנדערן, און איך דערזע אקעגן מיר א פּאָר אָפענע ברענענדיקע אויגן. עס האָט מיר אַ קלאַפּ געגעבן אין האַרצן, דער קאָפּ האָט מיר זיך פאַרדרייט און איך בין געבליבן שטיין שטאַרק פאַרמישט. איך האָב דער־קענט זי — דאָס איז געווען זי!

זי האָט מיר דערציילט, אַז זי איז פריער אַ ביסל געגאַנגען אַליין דאָ אין דעם געסל, איז אונטערגעשפּרונגען עפּעס אַ פּאַרשוין, האָט איר דערלאַנגט אַ שטאַרקן זעץ איבער דער האַנט און געשווינד ארויסגעכאַפּט בײַ איר דאָס פּעקל מיט העמדער, וואָס זי האָט, ווי אַ נייטאָרין, אָנגענומען ערגעץ אין אַן אָרט. ווען איך זאָל נישט געווען אונטערקומען און אָפּנעמען בײַם גנב די זאַכן, — האָט זי געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן — וואָלט זי געבראָכן געוואָרן פון ברויט און נאָך אַרײַן אין אַ מיאוסן רוף בײַ לײַט. קיינער וואָלט איר מער קיין שטאָך אַרבעט נישט געגעבן. זי האָט מיר געדאַנקט פונעם גאַנצן האַרצן, דאָס פּנים האָט איר דערבײַ געפלאַמט און אַ טיפער בליק פון אירע פייערדיקע אויגן האָט מיך געבריט, געשרפעט. איך האָב געפילט, אַז אָט־אָט ווערט מיר אינעווייניק צעשמאָלצן דאָס האַרץ ווי וואַקס.

— גאָט זאָל אײַך באַצאָלן! — האָט זי מיר צולעצט געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול, און געוואָלט גיין איר וועג.

— ניין, ניין! — האָב איך מיך אָנגערופן צעקאָכט, — איך וועל אײַך בשום־אופן נישט לאָזן גיין איצט איינע אַליין, איך מוז אײַך אונטערפירן ביז צו אייער היים.

זי האָט זיך עפּעס ווי געקווייקלט, דאָס פּנים אירס האָט געזאָגט, אַז איר איז עפּעס פּריקרע צו גיין אין דער צײַט מיט אַ פרעמדן יונגנמאַן, נאָר איך האָב זי נישט געלאָזט קומען צום וואָרט, געשווינד גענומען צו מיר אין האַנט איר פּעקל העמדער און בין מיט איר געגאַנגען ווייטער דורך געסלעך, וווהין זי האָט מיך געפירט. דעם גאַנצן וועג האָבן מיר נישט גערעדט כמעט קיין וואָרט. איך האָב נאָר הינטערווײַלעכץ אויף איר געקוקט און געציטערט, ווי אין אַ קדחת. און ווען זי האָט מיך אָנגערירט בײַ דער האַנט בשעת־מעשה, אַז זי פלעגט אַלץ וועלן צונעמען בײַ מיר דאָס פּעקל, נישט מטריח צו זײַן מיך מיט דעם טראָגן, איז מיר דורך דעם גאַנצן לײַב דורכגעלאָפן עפּעס אַ קעלט, דאָס בלוט איז מיר געבליבן שטיין פאַרגליווערט אין די אָדערן און עס האָט מיר פאַרנומען דער אָטעם. אַזוי זענען מיר ביידע געגאַנגען, ביז זי האָט מיך צוגעפירט צו אַ שטוב, וואָס אויף דעם טירל, אין הויף אַרײַן, איז געהאָנגען אַ קליין ווײַס שילדל מיט שוואַרצע כתיבהטע אותיות: „דאָ זיצט גאָלדע יאַקאָבזאָן די נייטאָרין“.

— יאַקאָבזאָן! — טו איך אַ זאָג פאַרוווּנדערט, דערמאָנענדיק מיך אין יאַקאָבזאָן, וואָס האָט מיך אַמאָל אַרויסגעפירט פון דער גויט, נאָך דער מעשה מיט דעם חזן, אַז איך בין געבליבן ווי אויפן וואַסער, און בײַ וועלכן איך האָב געגעסן ביידע טעג ראש־השנה.

יאָ! — רופֿט זי זיך אָן — איך הײס גאָלדע יאַקאָבזאָן. וואָס איז עפּעס אײַך אַזאַ וווּנדער?

— אײַער מאַמע איז מיר פֿון גאַנץ לאַנג באַקאַנט — האָב איך גע־ענטפֿערט — ער האָט מיר אַמאָל געהאָלפֿן אין אַ שלעכטער צײַט.

— מײַן מאַמע איז שוין עטלעכע יאָר טויט — האָט זי געזאָגט מיט אַ זיפֿץ, טיף פֿונעם האַרצן.

— אײַך געדענק איך, אַז איר זענט נאָך געווען אַ קלײן מײדעלע — זאָג איך מיט אַ שמײכל, שוין מיט מער מוט אַרײַנקוקנדיק איר אין פּנים, ווי אַ שטיקעלע באַקאַנטער. —

— אַזוי! זײער אָנגעלײגט, כ׳לעבן!

און אײדער מיר האָבן זיך געזעגנט האָט אַ שטאַרקער הונגער געטאָן און אַ שלאַקס רעגן האָט אָנגעהויבן צו פּלײצן ווי אַ מבול. זי האָט מיך געבעטן אַרײַנצוגײן מיט איר צו זיך אין שטוב, איבערוואַרטן דאָרט דעם רעגן. עס פֿאַרשטײט זיך, אַז איך האָב עס געטאָן בשׂמחה און בין פֿון דעם רעגן זײער שטאַרק צופֿרידן געווען. פֿון מײַנעטוועגן האָט געמעגט גיסן אַ מבול. גאָר קײנמאָל נישט אויפֿהערן, און איך זאָל בלײַבן מיט איר אינאײנעם אין שטוב ווי אין נחס תבה.

די שטוב, אין וועלכער איך בין אַרײַנגעגאַנגען, איז באַשטאַנען פֿון אײן חדר, איבערגעטײלט אין דער מיט מיט שפּאַנישע ווענטלעך. אײן העלפֿט איז געווען אַ צימער אויף צו שלאָפֿן, די אַנדערע העלפֿט — אַ צי־מער אויף צו זיצן. בײַם ערשטן אָנבליק האָט מען געקאָנט זײער גרינג אַרויסזען, אַז דאָרט וווינען מענטשן אָרעמע, אָבער נישט קײן פֿוילע, אָפּגע־לאָזענע. דאָרט האָבן זיך געפֿונען עטלעכע אַלטע בענקלעך מיט אַ קאַנאַפּ־קעלע, איבערגעצויגן מיט אַ געלבלעכן, אָפּגעבליאַקעוועטן סיץ. נעבן דער וואַנט איז געשטאַנען אַ קאָמאָדע איבערגעדעקט מיט אַ טישטעך, ווײַס ווי שנײ, און דערויף איז געווען אויסגעשטעלט שמאָכטעלײען: אַ פּאָר קלײנע פּאָרצעלײַענע שעלכלעך מיט רויטע קווײטן, אַ צוויי בלויע געשלי־פֿענע קעלישקעלעך, אַ פּושקעלע אַ שילדקרעטנס, אַ שפּיגעלע און קלײנע פּאַרפֿומע־פֿלעשעלעך, וכדומה נאָך אַזעלכע קלײניקײטן, וואָס זענען געווען די גאַנצע צירונג, דאָס שײנדל אין שטוב. דערצו האָט מען נאָך געקאָנט צורעכענען די עטלעכע בלומענטעפּלעך אויף די פֿענצטער, און מיט זײַד אויסגעשטריקטן פֿאָרמעט פֿון משה רבינו, האַלטנדיק די לוחות אויף דער האַנט. נעבן פֿענצטער איז געשטאַנען אַ טיש, אָנגעלײגט מיט לײוונט, מיט פּאַסמעס פֿעדעמלעך און מיט אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס צו דער אַרבעט.

אַרייַנקומענדיק אין שטוב, האָט גאָלדע מיך פאָרגעשטעלט פאַר איר מוטער, אַ דאַרע, אַ שלאַפע יידענע פון אַ יאָר פופציק, דערציילנדיק איר אין קורצן דאָס גאַנצע באַגעגעניש אירס, ערשט נישט לאַנג, אין געסל דאָרט. די מוטער האָט מיר געמאַכט אַ שיינעם ברוך־הבא און מיך געבעטן זיצן. נעבן עק טיש אויף אַ בענקל איז געזעסן אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָר אַכט, זי האָט כלומרשט עפעס ווי געניט און הינטערווײַלעכץ אויף מיר געקוקט מיט גנבהשע אייגלעך. גאָלדע האָט זיך אויך געזעצט נעבן טיש און פונאַנדערגענומען דאָס פעקל, וואָס זי האָט געבראַכט. איך בין געזעסן ווי אַ חתן־בחור און נישט גערעדט קיין וואָרט. אויפן האַרץ איז מיר געווען פריילעך, איך האָב געקוקט, ווי גאָלדע אַרבעט מיט אירע ווייסע פולע הענטלעך און עס האָט מיר עפעס שטאַרק הנאה געטאָן.

עטלעכע מינוט איז מען אַזוי געזעסן שטיל, דערנאָך איז געוואָרן אַ רייד איבער דעם וועטער, ווי ביטיק דער רעגן איז. די אַלטע האָט אפשר אַ מאָל צען איבערגעחזרט, אַז דאָס גייט נישט קיין רעגן, נאָר ברויט גייט עס, און האָט געמאַכט האָפענונגען, אַז נאָך דעם רעגן וועט מיט עטלעכע גראָשן זיכער וועלוועלער ווערן דער מקח פונעם פוד מעל. גאָלדע האָט עפעס זיך איבערגעוווּנקען מיט דער מוטער און איז ארויסגעגאַנגען. די אַלטע איז געבליבן נעבן מיר, האָט אַלץ גערעדט און אַרויסגעקומען אין שמועס דערויף, ווי דער מאַן אירער, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, האָט אַ צייט נעבעך געקרענקט און פאַרקרענקט דעם לעצטן גראָשן, ביז ער איז געשטאָרבן, און איבערגעלאָזט זי, ווייסטע אַלמנה, מיט צוויי קינדער ווי אויף דעם וואַסער. נאָר גאָט ברוך־הוא אָבער האָט זי געבענטשט מיט אַ טאָכטער, וואָס איז ווייט אין דער וועלט צו זוכן איר גלייכן. איר גאָלדעניו איז גוט און פרום, מיט אַלע מעלות. זי אַרבעט נעבעך טאָג ווי נאַכט, נייט, שטריקט און נעמט זיך די אויגן ארויס איבער דער נאָדל, ווי ס'איז ארויסצוברענגען דאָס שטיקל פרנסה. מע לעבט טאַקע אין דחקות, אין צרות, איר ביטערע, שווערע אַרבעט קלעקט קוים־קוים אויף די בייטיקסטע באַדערפענישן, נאָר נישט צו פאַרזינדיקן, מע לעבט דאָך פאָרט. גאָט ווייסט, וואָס פון אונדז וואָלט געוואָרן, ווען נישט גאָלדעניו.

— אוודאי מעג איך מיך פרייען, זיך שעצן גליקלעך מיט אַזאַ מתנה פון זיין ליבן נאָמען, נאָר ווי ווייניק איז מיר אָבער דאָס האַרץ — זאָגט זי מיט אַ שטאַרקן זיפץ און טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן — ווי טוט מיר, אוי־וויי, דאָס האַרץ קוקנדיק, ווי גאָלדעניו אַרבעט אויף אונדז אַלע מיט בויט־שווייס, נעבעך, שטעלט איין דאָס געזונט, דאָס לעבן, און פאַרגינט נישט אויף זיך אַליין אויסצוגעבן אַמאָל, איך זאָלט זאָגן,

אפילו א צעבראָכענעם שילינגער. וואָס איך בעט זי אַמאָל: גאָלדעניו, נשמה מיינע! האָב רחמנות אויף דיין לעבן, קויף דיר עפּעס צו דער־קוויקן זיך, און רו זיך אביסל אוים, נשמה מיינע, ענטפערט זי אַלץ מיט א געלעכטער: איך באַדאַרף מיך נישט קוויקן, מאַמע! עס גודיעט מיך חלילה נישט ביים האַרצן. לאָזן זיך קוויקן יענע, וואָס זיצן פאַרלייגט די הענט און ווייסן אַליין נישט, וואָס עס גייט זיי אָפּ. אויף אויסרוען זיך איז דאָ ביי אונדז א גרויסער טאָג שבת. אָט אַזוי ענטפערט זי אָפּ תמיד מיט א ווערטל און טוט טאַקע ווייטער דאָס איריקע שטיל, פיין, ווי א שטילע טויב. לאָז מיר זיין פאַר איר קאָפּ!...

אין מיטן שמועס איז אריינגעקומען גאָלדע און אנידערגעשטעלט אויפן טיש א טאַץ מיט פיר גלעזער טיי!

אז מיר האָבן אָפּגעטרונקען טיי, האָט דער רעגן אויפגעהערט. גאָלדע האָט געהייסן איר שוועסטערל זיך גיין לייגן שלאָפן.

— גיי, שיינדעלע — האָט זי צו איר געזאָגט, און זי א גלעט געטאָן איבער דעם קעפּעלע — דיר איז שוין צייט צו שלאָפן. דו וועסט בעסער פריער אויפשטיין. דיין לערער וועט שוין היינט נישט קומען.

שיינדעלע האָט א קוש געטאָן די מוטער אי די שוועסטער, געזאָגט איטלעכן א גוטע נאַכט, און געגאַנגען שלאָפן. מיר איז שוין אויך צייט געווען צו גיין. איך האָב מיך אויפגעהויבן פונעם בענקל, זיך געזעגנט און אוועקגעגאַנגען.

די האַלבע לבנה האָט געשיינט און איז ווי א גילדן שיפעלע זיך גע־שוואומען אין דעם גרויסן, בלויען ים פון דער לופט, וואָס איז געווען רואיק, שטיל אָן א שום ווינטעלע. דער הימל האָט מיט טויזנטער ליכטיקע שטערן אראָפּגעקוקט ווי א פאַרליבטער חתן, אויף דער געליבטער ערד, וואָס אי געווען אָנגעטאָן אין א גרין קלייד פון גראָז, פאַרפּוצט מיט אלערליי שיינע בלומען, פון וועלכע עס האָבן געשמעקט זיסע, געשמאַקע ריחות ווי פון די טייערסטע פּאַרפּומען. פריש האָבן לוסטיק געקוואַקעט אין די טייכלעך און ערגעץ פון א גאָרטן האָט זיך אָנגערופן אויף זיין קול א סאָלאָוויי, איין בריה אויף דער וועלט — א כפרה אלע חזנים!... מיר האָט עפּעס אויך זיך געזונגען אויפן האַרץ. איך האָב גייענדיק אונטערגעזונגען אין אַליין נישט געהערט וואָס. נאָר צוקומענדיק נאָענט נעבן דער הויז, האָב איך מיך עפּעס ווי א כאַפּ געטאָן און דערהערט לייזער דעם שניידערס א ניגונדל, ווי מע באַזעצט א כלה. אָ, אין דר'עריד אריין, פאַלגע! — האָב איך אין שפּאַס געשאָלטן לייזערן און מיט א פריילעך שמייכעלע אים אָפּגעשיקט צו אלדי שווארצע יאָר.

הערט א מעשה! נאָך אזא פריילער באַגעגעניש האָט די גאנצע נאכט מיר זיך גאָר געחלומט — עפּעס טרויערדיקע סצענעס: מע ווייגט מיך אָפּ מיט טרערן, קולות פון מענטשן שרייען עפּעס ארוים ווי פון דער ערד — געוואלד, וואָס האָט מען צו אונדז געהאט!...

## יט

איך האָב אָנגעהויבן צו ווערן ביי גאָלדען אין שטוב אן אָפּטער גאַסט, עס האָט מיך געצויגן אהינצו עפּעס ווי א מאַגנעט. מיך האָט געצויגן צו איר נישט אירע מעלות און מידות־טובות, ווי זי דערנערט זיך כשר און האלט אוים שיין־פיין אן אלטע מוטער און א שוועסטערל מיט איר ארבעט. ניין! אזעלכע זאכן האָט איסרם א תלמיד נישט געקאָנט שעצן. געלט, דאָס איז געווען ביי מיר דער אַרשין אויף צו מעסטן דעם מענטשנס מעלות, אויך דאָס וואָגשאָל, דאָס געוויכט אויף אָפּצוּוועגן אלע מיני מי־דות־טובות. א קלוגער, א בריה — א מענטש, האָט ביי מיר געהייסן דער, וואָס האָט געלט און לעבט אין ווילטאָג. וויאזוי ער האָט דאָס באַקומען און אויף וועמענס הוצאות ער לעבט — דאָס מאַכט גאָר נישט אוים. אין אזעלכע זאכן גייען אריין מיט זייערע רעכענונגען נאָר אָרעמעלייט, שלימזלניקעס, מחמת קנאה און פאַרדראָס, ווי אויך מחמת דעם, בכדי מיט זייער באַרעדן יענעם צו פאַרגלעטן דערוויל זייערע אייגענע פעלער, פאַרוואָס זיי זענען שלימזלניקעס, טויגעניכטסן, און צו קילן זיך דערמיט א ביסל דאָס הארץ, צו טרייסטן זיך כלומרשט פאַר דער וועלט, אז דאָס אָרעמקייט זייערס איז נאָר פאַר זייער גוטן כאַראַקטער, דערפאַר וואָס זיי קאָנען נישט ווי אנדערע זיין פאַלשע, נידעריקע מענטשן. ניין! נישט גאָלדעס שיינע, גוטע מעלות זענען מיר געפעלן, מיר איז געפעלן געווען נאָר איר שיין פּנים, מיך האָט געצויגן צו איר א מגושמדיקע ווילדע ליבשאַפט. וואָס איך האָב מיט דער ליבשאַפט געמיינט, דאָס האָב איך מיר נאָך אליין קיין חשבון נישט געקאָנט אָפּגעבן — איך בין מיר דער־וויל צו גאָלדען געגאַנגען. תחילת האָב איך איר געבראכט ארבעט, מיר געלאָזט נייען ביי איר העמדער, מאַנישקעס און דערנאָך פלעג איך מיר שוין אזוי קומען גלאַט ווי א גוטער באַקאַנטער.

אין דער צייט, וואָס איך בין געגאַנגען צו גאָלדען, פלעג איך דאָרט אין שטוב ביי איר אַלץ טרעפן יענעם יונגנמאַן, וועלכן איך האָב דאָס ערשטע מאָל שבת באַגעגנט, גייענדיק מיט איר שפּאַצירן. ער איז געווען דאָרט זייער היימיש ווי אן אייגענער, א גאנצער בן־בית, ער פלעגט לערנען מיט שיינדעלען, העלפן אין שטוב, ברענגען אַמאָל מיט זיך פונעם

מאַרק ניימיקע זאכן, אויך אמאָל לייען און געבן אוגמער אן ענגער צייט. קיינער אין שטוב האָט אים נישט געאירצט און אים גערופן פּראָסט ביים נאָמען — מיכל.

מיכל איז געווען א שרייבער, וואָס פלעגט לערנען מיידלעך און יינגלעך שרייבן, און ציען דערפון זיין שטיקל פּרנסה. פון א שמועס אַמאָל מיט דער אַלטער, האָב איך מיך דערגאַנגען, אז מיכל איז אין דער פאַמיליע א גאַנצע אָנהאַלטעניש, א גרויסע שטיצע, אָן אים וואָלט אויסגעקומען אַמאָל זייער שלעכט. ער איז אירער א קרוב און איז גאָלדעניוס שוין כמעט א חתן. לעת־עתה איז דאָס נאָך פאר דער וועלט בסוד, נאָר אין א קורצער צייט פארהאַפט זי, אם־ירצה־השם, מאַכן תנאים און ברעכן טעפּ. די דאָזיקע ווערטער האָבן מיך געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ, נאָר איך האָב מיך געמאַכט נישט ווּיסנדיק, גלייך ווי עס גייט מיר גאָר נישט אָן.

זינט יענער צייט האָט איך געהאַלטן מיכלען פאר א שונא, וואָס שטייט מיר אין וועג, און האָב אַלץ געטראַכט, ווי אים בייצוקומען. איך פלעג מיך ווי א קעצעלע צושאַרן צו גאָלדען אי צו דער מוטער מיט גוטע, זיסע ריידעלעך, שפּילן זיך מיט שיינדעלען, און ברענגען איר אָפּט א צוקערקעלע אָדער עפּעס א שפּילעכל, אין דער האָפענונג צו ווערן דורכדעם א חשוב און אראָפּשטופּן מיכלען, אוועקשטעלן אים אין דער זייט. איינמאָל האָב איך מיך אפילו געפּרוווט געבן עפּעס געלט, אז איך האָב באַמערקט אין שטוב איז עפּעס ענג; נאָר גאָלדע האָט מיר געהייסן צוריקנעמען דאָס געלט, עפּעס מיט א שמייכעלע, וואָס האָט מיך געלערנט דרך־ארץ און וואָס איז געווען א סך ערגער ווי א פּאטש. דאָס האָט נאָך טויזנט מאָל מער פאַרשטאַרקט מיין שנאה צו מיכלען. עס האָט מיך געברענט ווי א העליש פייער, נאָר וואָס מער אָבער די שנאה מיינע צו אים איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, האָב איך מיך אַלץ מער פארשטעלט, גערעדט מיט אים צוקער־זיס און געוויזן אים תמיד א פריילעך פּנים. פארשטעלן זיך, דאָס האָב איך שוין אין יענער צייט זייער גוט געקענט. ווייל דאָס איז די ערשטע זאך, וואָס א קליין מענטשעלע באדארף קענען. אז איסר האָט שוין פאַרגענומען זיך איינעם צו באַגראָבן, פלעגט ער אים אויפנעמען זייער פריינדלעך, לויפן אים אקעגן מיט א שמחה און זיך קושן מיט אים אין די פּיסקלעך. מאכן יענעם די מיתה בנשיקה, דאָס הייסט קושנדיק ביי יענעם די נשמה „במוך", לויט די רייד פון א חכם, דערמיט וואָס מע קלייבט אוים פאר דעם חבר א שיינע מיתה, א שטילן טויט, אז קיין האָן אפילו זאָל נישט קרייען... אזוי האָט געזאָגט איסר ווארגער!

איך פלעג קומען צו גאָלדען אויסגעפוצט און אויסגעשמירט די האָר מיט א סך פּאָמאַדע, בכדי דערמיט צו געפעלן און אראָפּוואַרפן אין איר'ע אויגן מיכלען, וואָס איז געגאַנגען פראָסט געקליידט. נאָך ביי גאָלדען האָבן קליידער גאָר נישט אזוי אויסגעמאַכט. זי האָט מיר נאָך איינמאָל דעליקאַט אָנצוהערעניש געגעבן, אז פון צעפריעטע פּאָמאַדע איז יענעמס קאָפּ באַקומט מען דעם קאַטער. מיכל האָט דערביי א שמייכל געטאָן, און אינעווייניק אין מיר האָט געקאָכט, געזאָטן אויף איר דאָס בלוט. שיינ־דעלע האָט אַמאָל זיך אָפּגערופן:

— פע, מיכל, ווי דו גייסט, רב איציק־אברהמל שיינט מאָקע, ער איז אויסגעפּוצט, אויסגעצוואָגן, מיט רויטע בעקעלעך און פּאָמסענע ליפּעלעך ווי א שיין מיידל.

— גאַרעלע! — האָט מיכל איר געענטפערט גאַנץ רואיק — וואָס זאָל איך טאָן, אז איך בין אָרעם און האָב נישט אזא רינגסט, וואָס זאָל אויף אלצדינג טראָגן.

מיר האָט זיך געדאַכט, אז מיכל גיט מיר א שטעכווערטל, אז איך בין א משרת, און וויל מיך דערמיט ביי איטלעכן שטאַרק אראָפּוואַרפן. איך האָב עס אָבער אראָפּגעשלונגען, פאַרביסן די ליפּן און נישט אָפּגע־ענטפערט קיין קרום וואָרט.

אויף אזא אופן איז אוועקגעגאַנגען דער גאַנצער זומער און א שטיק פונעם אָסיען. איך בין שיר אוים דער הויט נישט געשפּרונגען פאַר גרוים ליבשאַפט, נאָר ס'איז גאָר נישט געווען צו מאַכן. מיכל איז מיר געשטאַנען ווי א ביין אין האַלדז. איך האָב געזען, אז איך וועל מיך נישט איילן דעם ביין ארויסנעמען, וועל איך דערוואָרגן ווערן. עס האָט שוין געהאַלטן, אַז אָט־אָט ווערט מיכל א חתן פאַר גאָלדען. די אַלטע האָט אים ליב געהאַט ווי אן אייגן קינד און זי האָט געוואָלט דערלעבן דעם טאָג צו נעמען אים פאַרבינדן מיט איר טאָכטער אויף אייביקע יאָר. זי האָט א פּאָר מאָל געמאַכט א שמועס פון די הכנות, וואָס מע באַדאַרף דערצו האָבן און אַלע אין שטוב זענען געווען פריילעך. שיינדעלע איז אַזש געשפּרונגען פאַר פרייד, געשטיפט, זיך גערייצט מיט מיכלען און געפאַלן אים דערנאָך אויפן האַלדז, ארומנעמענדיק אים מיט ביידע הענטלעך. גאָלדע האָט געקוקט אויף זיי מיט פייכטע ברענענדיקע אויגן, וואָס האָבן אויסגע־דריקט זייער פיל תענוג און איז רויט געוואָרן ווי פייער. ס'איז איר דענסטמאָל אין פּנים נישט געווען אריינצוקוקן, ווי אין דער ליכטיקער זון, אזוי שיין איז זי געווען. איך האָב אויך געמאַכט א פריינדלעך פּנים,

ווי א היימישער מענטש, וואָס עס טוט אים הנאה, אז אין הויז איז א שמחה. נאָר אין האַרץ אָבער האָט מיר געברענט א גיהנום. אוועקגייענדיק פון דאָרט האָב איך געקריצט מיט די ציין און געשווירן, אז איך מוז זוכן עפּעס א גוט מיטל, ווי צוזאַמענצוכאַפּן אָפּרוימען מיר דעם וועג צו גאָלדען.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דאָס מיטל איז מיר געקומען אין האַנט אריין. בשעת געמען רעקרוטן ביי אונדז אין שטאָט האָב איך אָפּגעארבעט שפּילערהייט, דורך איסרן, און מע האָט מיכלען גענומען פאַר א רעקרוט!...

איך בין געקומען צו גאָלדען, האָב איך געטראָפן, אז דאָרט אין הויז איז תשעה־באב. די אַלטע ליגט אין בעט, קראַנק, צעבראָכן און אויפן קאָפּ א נאַס טיכל מיט קאַלטע וואַסער. גאָלדע איז בלייך ווי די וואַנט, מיט רויטע געשוואָלענע אויגן און דרייט זיך ארום נעבן דער מוטער מיט צע־פּאַטלטע האָר, פאַרזאָרגט, פאַרומערט ווי א דערשלאָגענע. שיינדעלען איז גאָרנישט צו דערקענען, אזוי געענדערט איז זי — זיצט איינגעגיורעט אין א ווינקעלע, פאַרלייגט די הענטלעך און קוקט מיט אראָפּגעלאָזענע אויגן אויף דער ערד. ביי מיין אריינקומען צעוויינען זיך אַלע מיטאַמאָל, גיסן הייסע טרערן, אָן ווערטער, ווי אומגליקלעכע, בשעת זיי דערזעען זייער בעסטן פריינד.

— וואָס איז אזוינס געשען? — פרעג איך, ווי א תם און בלייב שטיין בלומרשט פאַרוווּנדערט.

אקעגן א פּאָר מינוט איז נישטאָ קיין ענטפער, דערנאָך רעדט די אַלטע ארויס אויף א וויינענדיק קול, ווערגנדיק זיך מיט טרערן: אז אָך און וויגד איז מיר! מיכל... נישטאָ מיכל!... די כאַפּערס, וויי איז מיר, האָבן גענומען מיכלען!...

עס עפנט זיך איר א פרישער קוואַל טרערן. גאָלדע זיצט נעבן איר אויפן בעט, אַנגעבויגן מיטביידע הענט אויפן פּנים. די קראַנקע מוטער לייגט איר די האַנט אויפן קאָפּ און אַלע וויינען, יאָמערן, ווי מע באַקלאָגט א טויטן. איך מאַך א טרויעריק פּנים, זיפץ בלומרשט, קרעכץ, און אין האַרצן טוט מיר הנאה, קוקנדיק אויף גאָלדען, וואָס צו איר פאַרשטעלט מיר איצט קיינער נישט דעם וועג. איך עס זי כמעט די אויגן, אָנקוקנדיק זי פון אויבן ביז אראָפּ, ווי א וואָלף קוקט אויף א שעפעלע, אויף וועלכס ער שאַרפט די ציין. און ביי מיר אין האַרצן טראַכט איך: נישקשה, דו וועסט זיין מיינע, וועסט פון מיינע לאַפּעס זיך שוין נישט אויסדרייען...

ב

א פּאָר חדשים זענען נאָך דער דאָזיקער סצענע פאַרגאַנגען. מיכלען האָט מען אָפּגעגעבן און אוועקגעפירט העט ווייט, פון וואַנען מע קומט נישט צוריק אַזוי גיך. ביי גאָלדען אין שטוב איז געווען אַ חורבן, אַלצ־דינג דאָרט האָט געטרויערט און פאַרלוירן זיין געשטאַלט, די בלומענ־טעפּלעך זענען געשטאַנען פאַרדאַרט, ווייל ס׳איז נישט געלעגן קיינעם אין זינען זיי אין דער געהעריקער צייט צו באַגיסן. די קליינקייטן אויף דער קאָמאָדע זענען נישט אויסגעשטעלט געוואָרן מיט אַ שיינעם סדר, ווי פריער, און אויף „משה רבינו“ איז געלעגן אַ געדיכטער שטויב. ער האָט אויסגעזען עפּעס מרה־שחורהדיק און אַרויסגעקוקט פון אונטער דעם גלאָז עפּעס ווי בייז, זייער שטאַרק ברוגז. מיר, ווייניקסטנס, האָט זיך אַזוי געדאַכט, און איך פלעג מיד היטן אויף אים אַ קוק צו געבן... שיינדעלע האָט אויפגעהערט צו לערנען, נישט געהאַט מער מיט וועמען זיך צו שפּילן. זי איז אַראָפּ פונעם לייב, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט און איז גע־וואָרן גאָר אַיים קינד. אויף גאָלדען איז געלעגן די ערד, קיין פרייל־עבלע מינע האָט מען פון איר נישט געזען. ס׳איז איר עפּעס ווי נישט ניחא גע־ווען דאָס לעבן. די אַלטע פלעגט קוקן אויף אירע קינדער, שאָקלען מיטן קאָפּ און זיך באַוואַשן מיט טרערן. זי פלעגט אַלץ איינפאַלן און צייטנ־וויַז ליגן אין בעט.

איך פלעג עטמערם קומען אין הויז, זיצן בשעת גאָלדע פלעגט אַר־בעטן, פלעג זי שטאַרקן מיט גוטע, זיסע ריידעלעך און מיט מיינע טרייסט־ווערטער געזוכט אַלץ וואָס ווייטער־ווייטער זיך אַריינצוגנבענען אין איר האַרץ. שפּעטער אַ ביסל האָב איך באַמערקט אין שטוב אַ בי־טערע עלנט. גאָלדעס האַנט־אַרבעט אַליין, ווי שטאַרק זי האָט זיך געמאַ־טערט, געפּלאָגט און קריעה געריסן, האָט נישט געקלעקט אויף די אַלע לעבנס־באַדערפעניש, ווייל די באַלוינונג פאַר איר אַרבעט איז געווען זייער קליין. דרינגען האָט באַשיימפּערלעך זיך אַרויסגעוויזן, ווי מיכל גייט אָפּ, ווי שטאַרק נוצלעך ער איז פאַר דער אָרעמער פאַמיליע געווען. זיין חלק הילף האָט איצט געפעלט. דערצו איז נאָך גראָד דענסטמאָל געווען טאַקע ווייניק אַרבעט אויך.

מע האָט באַדאַרפט גיין איינמאָל אין דער אַפּטייק אַריין נאָך אַ רעצעפּט פאַר דער אַלטער און דערויף איז נישט געווען קיין גראָשן. איך האָב מיך איינגעשטעלט און פאַרגעלייגט גאָלדען צו נעמען ביי מיר עפּעס געלט. גאָלדע איז רויט געוואָרן, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און נישט

געענטפערט קיין וואָרט. מע האָט געזען, אז ביי איר אינעווייניק אין הארץ איז נישט רואיק. דאָרט רוישט א שרעקלעכער שטורעמווינט פון ביטערע געפילן. איך האָב גאָלדען געגעבן צו פארשטיין, אז איך ליי איר עס אויס נאָר אויף א צייט, זי מוז עס נעמען צוליב דער קראנקער מו־טער, וואָס געניימיקט זיך אצינד אין דעם רעצעפט, וואָס זייער מעגלעך, אז דרינען הענגט אָפּ איר לעבן. די אלטע האָט בשעת־מעשה ביי איר אין בעט דאָרט גראָד א שטארקן קרעכץ געטאָן, גאָלדע איז פארצאפּלט געוואָרן, גענומען ביי מיר מיט א ציטערדיקער אייז־קאלטער האנט דאָס געלט, ארויסגעכאפּט אויף זיך א שאל און איז געשווינד ארויסגעלאָפן פון שטוב...

ביי מיר אין שטיבל בין איך איינמאָל שפּעט ביינאכט געלעגן אויף מיין געלעגער און נישט געקאָנט קיין אויג צוטאָן; עס האָט פון מיר זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף. די ליבשאפט מיינע צו גאָלדען האָט מיך שרעקלעך געפּייניקט, נישט געלאָזט רוען, און איך האָב מיך גענומען טראכטן, וואָס קאָן פון דערפון ווערן? ביזוואנען נאָך וועל איך מיך אזוי פּייניקן און נישט ברענגען די זאך צו אן עק. נאָר אויף וואָס פאר אן אופן אָבער ברענגט מען עס צו אן עק? — חתונה האָבן? נאָר דאָס איז פאר מיר זייער א שווערע זאך, דאָס לויגט מיר נישט מכמה מעמים: ערשטנס, וועל איך דורכדעם מוזן ארויסטרעטן פון דינסט ביי איסרן, און אוועקגיין פון איסרן הייסט אזוי פיל ווי אָפּזאָגן זיך פון פארדינען גרינג געלט, פון א גליקלעכן לעבן אָן צער, אָן מי, אָן קאָפּווייטעק און אויפגעבן אלע מיינע האָפענונגען אויף שפּעטער; צווייטנס, וואָס וועל איך ביי איר גע־מען? גאָרנישט! זי איז דאָך הויל, נאקעט, אזוי ווי די מאמע האָט זי געבוירן. זי וועט מיר אָנהאָבן א סך קינדער, פּופּקעלעך, וואָס וועלן מיר פארדרייען דעם קאָפּ, איך וועל אויפעסן דאָס ביסל געלט און וועל דער־נאָך בלייבן א קבצן, א טויגעניכטס, א לא־יוצלח צו קיין זאך נישט אין דער וועלט, וועל ליידן, פארשווארצט ווערן, ווי איך בין אמאָל אין דער יוגנט פארשווארצט געוואָרן, און צוליב וואָס? צוליב א ליבשאפט!... איסר, האָב איך געטראכט, וואָלט אויס מיר זיכער געמאכט דעם גרעסטן געלעכטער.

„ליבשאפט איז נישט מער ווי א שיין פּנימל, א זייפנבולבע, וואָס שפּילט פארן אויג אין אלערליי וואונדערשיינע קאָלירן און פּלוצעם צע־שפּרינגט עס, מע ווייסט נישט, וווהין עס קומט אהין. דאָס איז א שפּי־לעכן, א קלייניקייט, וואָס מע באהארף עס טאקע נאָר פאר א קלייני־קייט באקומען, און וואָס עס לאָזט זיך זייער גרינג איינהאַנדלען, אבי מען

איז גאָר קיין שוטה נישט. ליבשאַפט — דאָס איז א דעקמור, אונטער וועלכן עס לאָזט זיך גרינגער איינער דעם אנדערן צו זיך אויף א צייט ארייַנצונארן. דאָס איז א קונציק אויסגעארבעטע נעץ צו פאַנגען דרינען שוואכע מענטשלעך, וואָס צעקריכן ווי א שניי און צעגיסן זיך באלד, ווי מע גיט זיי נאָר עפּעס א וואָרעם"... — אזוי האָט געזאָגט איסר וואַרגער.

זאָל איך קיין גאר נישט זיין און דערגרייכן מיין ווּנטש אָט טאקע אויף דעם פּראָסטן אופן?... גאָר דאָס איז אָבער א ריינע אוממעגלעכקייט. ווי איך האָב געקענט גאָלדען, איז גאָר אוממעגלעך געווען אזעלעכס אפילו צו טראכטן. זי האָט תמיד געקאָנט עפּעס זיך אזוי האלטן, אז מע האָט געמוזט האָבן פאר איר דרך־ארץ און די צונג האָט זיך נישט געלייגט ארויסרעדן איר אין די אויגן עפּעס א מיאוס וואָרט. איינמאָל האָב איך מיר ארויסגעכאַפּט מיט עפּעס נישט אזא שיין ווערטל, וואָס ביי אנדערע גייט עס איין, נישט צו מאכן דערויס קיין שום פּירוש, האָט זי דערביי געמאכט עפּעס אזא מינע, אז איך בין בטל געוואָרן און א קעלט איז מיר דורכגעלאָפן אין אלע מיינע אברים. ניין!...אזעלכע ווי גאָלדע לאָזט זיך נישט איינהאנדלען, ארייַנגארן... מע זאָל אפילו קלוג זיין ווי צען רוחות. וואָס זשע דען, לאָמיר איינגאנצן א שפּיי טאָן און זי פארגעסן? דאָס, האָב איך געפּילט, איז איבער מיינע כוחות, ניכער וואָלט איך מיך אָפּגעזאָגט פון מיין לעבן איידער פון איר. די ליבשאַפט מעג זיך זיין, ווי איסר זאָגט, טאקע איינגאנצן א שפּילעכץ, אָבער איך האָב אזא שפּילעכן בשום אופן נישט געקאָנט אוועקוואַרפן. איך האָב געטראכט, געטראכט און ווי־דער געקומען צום ערשטן — אין ברירה, טאקע חתונה האָבן! אי, וואָס, דאָס קאָן מיר דאָך שאַטן צום עסק? נו, דערצו וועט מען מוזן געפינען עפּעס א פּאָרטל, מאכן עפּעס א פּשרה, עס זאָל אי אהין אי אהער גוט זיין. חתונה מוז מען האָבן און וואָס גיכער איז אלץ בעסער. מער פלאַגן זיך האָב איך שוין קיין כוח נישט. עס מוז באלד נעמען אן עק. גאָלדע באדאַרף זיין מיינע!... מיט דעם ראַזיקן געדאנק בין איך איינגעשלאָפן און געהאט זיסע גוטע חלומות.

אויפגעשטאנען בין איך א ביסל שפּעטלעך אויפן טאָג און האָב ביי מיר אָפּגעמאכט, עס זאָל אפילו דונערן און בליצן, מוז איך היינט פאר־נאכט מיט גאָלדען מיך דערקלערן. דעמסטמאָל איז גראָד געווען פאר פּסח, גאָלדען איז זייער ענג געווען, זי האָט באדאַרפט זייער פיל האָבן און נאָך נישט געהאט קיין אָנהייב אויף יום־טוב. צו מיין זאך איז דאָס געווען פּונקט די בעסטע צייט. אז איך בין געקומען צו גאָלדען, האָב איך זי געטראָפן איינע אליין זיצנדיק איבער דער ארבעט. די אלטע איז גע־

לעגן אין בעט אונטער די שפאניש=ווענטלעך, און שיינדעלע נעבן איר. מע האָט פון דאָרט נישט מער געהערט ווי א הוסטן — דאָ הוסט די אַלטע און דאָ שיינדעלע, ביידע האָבן געקייכט אין איין אָטעם, גלייך ווי זיי האָבן זיך פארהערט, ווער פון ביידע קייכט שטארקער. דערצו האָט נאָך צוגעגרילצט א גריל, און איניינעם איז ארויסגעקומען עפעס א משונה=שרעקלעכער קאָנצערט. גאָלדע איז געווען פארזאָרגט, אלץ גע= נייט, געמאכט מיט דער נאָדל און נישט פארגונען זיך אפילו א רגע אויפ= צוהייבן דעם קאָפּ.

איך האָב מיר אָנגעהויבן א שמועס מיט מוסר זאָגן, האָב געמוסרט גאָלדען, פארוואָס זי האָרעוועט אזוי איבער די קרעפטן, פארלירט איר געזונט און האָט נישט קיין רחמנות אויף זיך אליין, נישט אויף דעם הויזגעזינד, וואָס האלט זיך איינגאנצן נאָר אויף איר, און נישט אויף אירע גוטע פריינד, וואָס איר געזונט איז זיי שטארק טייער און וואָלטן פאר איר דאָס לעבן אוועקגעגעבן... גאָלדע האָט ביי די דאָזיקע ווערטער אויף מיר א בליק געטאָן און אין דעם בליק איז געלעגן עפעס אזוינס, וואָס איז שווער איבערצוגעבן. איך האָב גערעדט נאָך מער באהארצט, וואָס ווײַ= טער=ווייטער אלץ מיט מער פייער און בין ארויס לסוף מיט דער גאנ= צער שפראכע, אז זי איז מיר ליב, ווי דאָס לעבן, און איך וואָלט מיך געשעצט איבערגליקלעך, ווען איך זאָל מיט איר חתונה האָבן. גאָלדען איז די נאָדל פון די פינגער ארויסגעפאלן און זי איז געבליבן זיצן צע= מישט, אָנגעשפארט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט. אויף א פּאָר מינוט לערך בין איך אנטשוויגן געוואָרן, עס האָט מיך באשלאָגן א שוויים און דאָס הארץ האָט מיר שטארק געקלאפט, גלייך ווי איך וואָלט איבערגעגאנגען א הויכן בארג.

דאָס הוסטן און קייכן פון אונטער די ווענטלעך איז אלץ געגאנגען שטארקער און שטארקער. א צעבראָכענע שויב פון פענצטער האָט זיך געשאָקלט אהין און אהער פון דעם ווינט און צוגעקלאפט צום טאקט עפעס זייער מרה=שחורהדיק. מיר האָט זיך געעפנט ווייטער א מויל, איך האָב גערעדט מיט היץ, גערעדט=גערעדט און אלץ איינגערעדט גאָלדען. איך האָב געשילדערט איר איצטיקע לאגע, ווי זי איז געקוועטשט פון אלע זייטן. איך האָב איר אָנגעוויזן אויף דער קראנקער, שלאפער מאמען מיט שיינדעלען, ווי זיי ליידן נעבעך און קומען אָפּ. נאָר צוליב זיי אליין באַ= דארף זי עס טאָן. ביי מיר וועט דאָך זיי אלע, אם=ירצה=השם, זיין גוט, מיר וועלן לעבן גליקלעך און צופרידן, אז גאָט און לייט וועלן הנאה

האָבן. גאָלדע האָט מיר אַריינגעקוקט אין פּנים און הייסע טרערן אין גרויסע טראָפּנס, ווי פּערל, האָבן איר געטריפט פון די אויגן.

— לאָזט מיך צורו א קורצע צייט — האָט זי זיך אָנגערופן עפּעס מיט א קול פון געבעט, גלייך ווי איינער, וואָס איז אין דער קלעם — איך וועל מיר א ביסל באַטראַכטן, זיך מיישב זיין מיט דער מאמען און אייך געבן א קלאָרע תשובה.

אז איך בין געקומען אויף מאָרגן צו גאָלדען, האָב איך זי געטראָפן זיצנדיק אונטער די ווענטלעך געבן דער קראַנקער מאמען. די אַלטע האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט, אָנווייזנדיק מיר מיטן קאָפּ אויף גאָלדען, אז זי וויליקט איין אָפּצוגעבן מיר אין די הענט אריין איר טייערן בריליאַנט, איר שאַץ, איר מתנה פון זיין ליבן נאָמען; נאָר איך זאָל אָבער וויסן, ווי זי טייער צו האַלטן, ווי זי צו שאַצן. דערביי טאַקע האָט זי צוגעשטעלט א פּונקט, אז איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון מיין שטעלע, וואָרעם ווי א גרויסער חשוב איך בין, פאָרט טאַקע בין איך דאָך נאָר א משרת; און איר גאָלדעניון אָפּגעבן פאַר א משרת איז איר נישט לכבוד, אויך איז נישט לכבוד איר מאַן, גאָלדעס טאַטן, עליו־השלום, און איר גאַנ־צער משפּחה. איך האָב זיך אָקעגן דעם געשטעלט, איר אויסגעוויזן, ווי ס'איז נישט גוט, נישט קלוג אָפּצוזאָגן זיך פון אזא גילדענער שטעלע. וואָס טראָגט מיר פיל איין, און איך קאָן דאָרט מיט דער צייט ווערן א מענטש, וואָס מענטש הייסט.

— א סך מיוחסים, כ'לעבן, — זאָג איך מיט גדלות — ליגן מיר אמאָל צו די פיס, זענען מיר מקנא און וועלן מיר ערשט שפּעטער, אם־ירצה־השם, נאָך מער מקנא זיין. נישקשה! איך בין שוין איצט אזא מיוחס ווי זיי אַלע. נאָר ווי די מעשה איז, אצינד אָפּזאָגן זיך איז זייער קרום, א גרויסע עבירה. לעת־עתה איז פיל גלייכער אין אַלע אופנים, איך זאָל געבן איסרן אי נאָך דער חתונה טאַקע ווייטער בלייבן. וואָס מאַכט עס אויס? זאָל זיך דאַכטן, איך בין א קרעמער און זיץ גאַנצענע טעג אין קלייט, אָדער איך בין א סוחר און פאָר די גאַנצע וואָך ארום. אין ליי־דיקע צייטן, ווי אויך שבת און יום־טוב, וועל איך מיר צוברענגען ביי זיך אין דער היים. לעת־עתה מוז זיין אזוי און שפּעטער איז דאָך גאָט א טאַטע... מסתמא וועט שוין זיין רעכט... אי, וואָס, אייך קומט אַלץ פאָר פאָרט עפּעס משרת, ס'איז אייך פּריקרע פאַר דער וועלט, נו, וועלן מיר אָפּמאַכן די חתונה שטיל אָן דער פּאָמפּע, אָן רעש, אָן געפּילדער און זיך מוזן באַגיין אָן די אַלע מיוחסים. אָט פון וועמען, מישטיינס געזאָגט, מע האָט דאָ צו רעדן!...

דער שפּיץ איז געווען, מײַנע רייד זענען אָנגענומען געוואָרן, און מיר ׳האָבן געמאַכט א האַנטשלאָג.

— זע זשע, זאָלסט אָפּהיטן מײַן בריליאַנט, חשוב האַלטן מײַן קינד, מײַן טײַערע נשמה! — האָט די אַלטע נאָך א מאָל געבעטן און זיך צע־וויינט. גאָלדע מיט שיינדלען האָבן אויך געוויינט, געכליפּעט, און איך בין דענסטמאָל געווען אויף דעם זיבעטן הימל פאַר פרייד, וואָס מיר איז גע־ראָטן אָפּצומאַכן די זאַך גלאַט, אַזוי ווי איך האָב מיר געווונטשן.

ל״ג־בעומר אין א שיינעם טאָג בין איך מיט גאָלדען איגיינעם מיט דער מוטער און שיינדעלען זיך דורכגעפאָרן נישט ווייט אין א דערפל, און פאַר א מנין יידן דאָרט אָפּגעשטעלט א שטילע חתונה.

## כא

די ערשטע צייט נאָך דער חתונה האָב איך מיט גאָלדען געהאַט זײַ־ער א גוט לעבן. אַלע אין שטוב זענען צופרידן געווען. איך בין טאַקע ווי פריער געווען ביי איסרן אין הויז, האָב מיך געהאַלטן אין אים אײַנפּעסט און געאַרבעט אין מײַן זאַך זייער געשמאַק, נאָך פיל געשמאַקער ווי אַמאָל. מיר איז קיין רגע נישט אַרויס פונעם זינען, אַז איך בין א באַ־ווייבטער און באַדאַרף האָבן געלט. איך האָב מיר גוט איבערגעחזרט אין קאָפּ אַלע הלכות „קליין מענטשעלע" מיט אַלע פירושים פון רב איסרן, אויך מיט מײַנע אייגענע הגהות, וואָס איך האָבן דרינען ווי א למדן מופלג אויפגעטאָן שטאַרק שכלדיקע, גאָר א חריפות. לאָז די וועלט פון איצט אָן פילן, וואָס פאַר א גרויסער למדן, וואָס פאַר א כלי־שלמה, א צאַצקעלע איך בין, לאָז זי גוט טאַקע פילן, אַז איך האָב א ווייב, אַז איך בין א בעל־הוצאה און באַדאַרף היינט א סך האָבן; לאָז זי געבן געלט און אויסשטיין מײַנע הוצאות. נישקשה, די וועלט איז נישט קראַנק, דער רוח וועט זי נישט נעמען! — אַזוי האָב איך ביי מיר אין האַרץ אָפּגע־מאַכט און אַרויפגעצויגן די מקחים אויף מײַנע אַלע אָנשטעלן, וואָס איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק מיט חשק צו מאַכן.

איסרס גביר, דער גרויסער בער, האָט געטאַנצט ביי איסרן אין דער אייבער־קאָמעדיע, און איסר אַליין האָט געטאַנצט ווי א בערעלע אין מײַן אונטער־קאָמעדיע. מיר האָבן ביידע גרויס שפּע. דער נאַרי־שער עולם איז ביי איטלעכער געלעגנהייט צו אונדז געגאַנגען בעטן, אַז מיר זאָלן טאָן, מיר זאָלן העלפן, און דערפאַר געצאָלט געלט אין טאָג אַריין. מיר האָבן געמאַכט די שפּיל און זענען ביידע געווען צופרידן. איך

האָב באַקומען אַ גרויסן חשק צו געלט. וויפֿל איך זאָל נישט געווען פֿאַר-
דינען, איז מיר אַלץ ווייניק געווען, און האָב שטאַרק געציטערט איבערן
קערבל.

אינדערהיים ביי מיר האָט מען געלעבט זייער קאַרג. איך פֿלעג זען
איינשפּאָרן, איינקאַרגן, ווי וויט נאָר מע קאָן, און זייער ברוגז זיין, אַז
ס'פֿלעגט אַוועקגיין אַן איבעריקער גראָשן. די אַלטע פֿלעגט זיך דערויף
בלאָזן און אַמאָל זאָגן, אַז איך צייל די גרויפּן אין טאָפּ אַריין און פֿאַרגין
קיינעם נישט דעם ביסן. איך פֿלעג מיך צוריק בלאָזן, און איר געבן
שטעכווערטלעך, אַז אויף פֿרעמדס איז איטלעכער אַ וותרן; אַז מע זאָל
מיר אומזיסט האָדעווען — מהיכא-תיתי, וואָלט איך אויך קיין קאַרגער
נישט געווען. גאָלדען פֿלעגן אַזעלכע ווערטער קרענקען, זי פֿלעגט אַזש געל
און גרין ווערן, און נישט איין מאָל נאָר איז צוליב דעם צווישן אונדז
אַרויסגעקומען אַ רוגז. ס'איז אַמאָל געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב
מיאוס מיך צעקריגט מיט גאָלדען, זי גראָב באַליידיקט, געזידלט ווי אַ
משרת קאָן, בין איך אין כעס אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב, אַ שטאַרקן קלאַפּ
געבנדיק מיט דער טיר, און אַקעגן אַ וואָך נישט געקומען אַהיים.

די פֿריערדיקע הייסע ליבשאַפֿט מיינע האָט אַלץ וואָס ווייטער-ווי-
טער זיך אָפּגעקילט. גאָלדעס שיין פּנים איז ביי מיר געוואָרן אַ געוויינט-
לעכע זאַך, איך האָב שוין דריגען גאָר נישט עפּעס אַזוינס אַרויסגעזען,
אַ פּנים ווי אַלע פּנימער מיט אַ נאָז, מיט אויגן. גאָלדע האָט ביי מיר
פֿאַרלוירן דעם חן און אויסגעזען פּראָסט אַ ווייבל, ווי אַנדערע ווייבלעך.
איך האָב אין האַרצן חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן שידוך. צוואָס האָט
דאָס מיר געטויגט, האָב איך מיר געטראַכט, נעמען מיר אַזאַ שווערן יאָך,
אַ גאַנצע געזינד, וואָס פֿרעסן מיר אָפּ דעם קאָפּ און ברענגען מיך אויס?
נאָר אַ בייזע שעה איז אויף מיר דענסטמאָל אָנגעקומען, וואָס איך האָב
מיך געלאָזט פֿאַרפֿירן פֿון אַ שיין פּנימל און אויסגעבראַכט דערויף אַזוי
פֿיל געלט. ווו איז דענסטמאָל געווען מיין שכל, מיין פֿאַרשטאַנד? —
האָב איך מיך געחידושט — ווי קום איך צו אַזאַ נאַרישקייט? איך האָב
אַלץ ביי מיר גערעכנט, וויפֿל די נאַרישקייט האָט מיר אָפּגעקאָסט, מיט
וויפֿל איך וואָלט איצט רייכער געווען, אַז איך זאָל זי נישט געווען טאָן.
און דאָס האָט מיך שטענדיק געערגערט אַזוי, אַז איך פֿלעג מחמת דעם
זיך אַלץ קרימען, קוקן אויף איטלעכן אין שטוב מיט אַ פֿינצטער פּנים
און האָב נישט גערעדט דאָרט מיט קיינעם קיין גלייך וואָרט. אין אַ צייט
פֿון אַ פּאָר יאָר איז גאָלדע פֿון מיר גענוג אויסגעשטאַנען, זי האָט גע-

האט פון מיר די גאל, נאָר זי האָט אלצדינג אראָפּגעשלונגען און פלעגט אפילו נישט הויך וויינען, קיין פּיפּס אפילו נישט געטאָן.

אין מיטן־דרינען באדארף זיך גראָד טרעפן, אז דער גרויסער גביר, הגדול והנורא, ביי וועלכן איסר איז געווען די נשמה, זאָל גאָר פּלוצעם א שטארב טאָן און די ווינטמיל מוז בלייבן שטיין — די רעדער קאָנען מער זיך נישט דרייען!... מיט דעם גבירס טויט ווערט מיין רב איסר אויס נשמה, און מיט רב איסרס אויס־נשמה־ווערן ווער איך אויך ממילא אויס נשמה, אויס אלץ־מיטאנאנדער. דער עולם האָט ביסלעכווייז זיך ארומגע־קוקט, זיך אָפּגעהאלטן, ביז ער האָט מיט דער צייט שוין גאָר אויפגע־הערט צו גיין מיט בקשות צו איסרן. דערצו נאָך, איז איסרן שוין טאקע שטארק צוגעטרעטן דאָס עלטער, ער איז געוואָרן אויסגעוועפּט, עפּס גאָר עובר־בטל, נישט דאָס פּנים, נישט דער שכל, די חכמה, וואָס אמאָל. הייגט אז איסר איז אויס חשוב געוואָרן, פארשטייט זיך דאָך, בין איך אויך אויס חשוב געוואָרן און שוין מער נישט געגאָלטן, אקוראט ווי אן אָפּגע־רופענע מטבע. ביי איסרן בין איך נאָך אלץ טאקע געבליבן דער אייגע־נער חשוב, און נישט אויפגעהערט ביים אים צו גילטן; נאָר ווינאלד אָבער ער האָט מיר שוין מער נישט געקאָנט נוצן, האָב איך אים באדארפט אויף נייניציק טויזנט כפּרות, איך האָב אים אזוי געהערט ווי אין טשער־געוויין די מגילה. אזוי האָט דאָך געזאָגט איסר ווארגער! זיינע ווערטער. איך האָב דאָך בקבלה טאקע פון אים אליין. איך האָב נישט לאנג גע־טראכט און אָפּגעטראָטן פון איסרן, וואָס ער האָט ביי מיר א פּנים גע־האט ווי א נבלה.

א געפּגרט באשעפעניש מאכט אויף דעם מענטשן נישט אזא טרויע־ריקן, שלעכטן רושם, ווי א באשעפעניש, וואָס איז „ווי געפּגרט" און האָט נאָך פאָרט א סימן לעבן. איך זאָג עס אקעגן מיר און אקעגן נאָך א סך נפשות, ווי אשטייגער אקעגן אן אויס־געוואָרענעם בעל־טאקסע, אן אָפּ־געזאָגטן שתדלן, אן אויס־געמאכטן מאכער, א וואָכעדיקן כלי־קודש און אלערליי מיני פארשוועכטע, אראָפּגעוואָרפענע קהלס־לייט. מילא, א פּגירה איז כאָטש א פּגירה, עס לעבט נישט און באדארף נישט קיין שום זאך; יענע לייט אָבער, יענע נפשות, אז זיי ווערן אויס און פארלירן זייער פּרנסה, אין וועלכער דאָס חיות זייערע איז געהאָנגען א צייט מיט יאָרן — זיי געבעך ווערן אמת טאקע פּגירות, אָבער לעבעדיקע צאפּלדיקע פּגירות, — פּגירות, וואָס ווילן עסן, טרינקען, כאָטש א ביסל משקה, און באדארפן אלצדינג טאקע האָבן! נאָר וואָס העלפט עס אָבער, אז זיי קאָנען זיך נישט רירן; אז זיי זענען, לא־עליכם, גרויסע ביטערע קאליקעס.

האָבן, דאַכט זיך, א מויל, הענט און פיס, און טויגן נישט פונדאַנען אהין!...

דאָס האַרץ, כ׳לעבן, רייסט, קוקנדיק אויף אזעלכע לעבעדיקע פגירות, אזעלכע שלימזלדיקע, מחילה, פארשטונקענע באשעפענישן!

אָט אזא מין באשעפעניש בין איך געווען, גאָכדעם, אז איך האָב אָפּגעטראָטן פון איסרן. איך האָב נישט געוווסט, וואָס מע טוט, צו וואָס מע נעמט זיך, וואָרעם חוץ מיין קליין-מענטשלדיקע פרנסה האָב איך דאָך גאָרנישט נישט געקענט און צו קיין שום זאך נישט געטויגט. די לאגע מיינע איז דענסטמאָל געווען זייער א שלעכטע. איך האָב געלעבט פונעם גרייטן: געביטן קערבלעך און געגעסן. און ביי איטלעכן קערבל, וואָס איך האָב צעביטן, איז מיר אָפּגעפאלן א שטיק פלייש, געשטאָרבן געוואָרן אן אבר. שטענדיק בין איך געווען אין כעס, האָב קיינעם אין שטוב נישט פארגונען דאָס לעבן און צו איטלעכן באזונדער זיך געזוכט. ביי איטלעכן גראָשן, וואָס איך האָב גאָלדען געגעבן אויף דער הוצאה, פלעג איך איר פארצאפן דאָס בלוט, אלץ זאָגן: וואָס וויל מען פון מיר האָבן? איך קאָן נישט אויסהאלטן אזא געזינד.

די אלטע האָט פון מיר געקייעט די ערד, זי האָט זיך פארעסן און האָט פאר הארצווייטעק מסוכן קראַנק זיך אריינגעלייגט אין בעט אריין. מע האָט געזען, אז עס עקט זיך דאָס לעבן, זי וועט נישט געדויערן לאנג. איך בין זיך מודה, אז איך האָב איר געווונטשן דעם טויט און עס האָט מיר אין האַרץ הנאה געטאָן, וואָס באלד וועל איך פטור ווערן פון א מויל און די הוצאה וועט קלענער ווערן. דעריבער האָב איך מיך פארשטעלט, זיך געמאכט, כלומרשט ווי איר קרענק רירט מיך ביי דער נשמה, איך בין גאָר אויס מענטש. איך האָב נישט געקאַרגט אויף קיין דאָקטאָר, אויף קיין אפּטייק — אבי גיכער זי זאָל שוין זיך איבערפעקלען... איך האָב זי באדינט, ווי א געטריי קינד, גאנצע נעכט נישט צוגעמאכט קיין אויג, איך איינגעגעבן די רפואות און געטראכט דערביי: ווען וועט דער מלאך-המות דיך שוין צונעמען? ביי איטלעכן אין שטוב בין איך געהויבן געוואָרן פאר מיין געטריישאפט, דערפאר וואָס איך ליג מיך דאָ אזוי אוועק, און מע האָט מיר פארגעסן אלע צרות, וועלכע מען איז פון מיר פריער אויסגעשטאַנען. גאָלדע פלעגט מיך אָפט טרייבן פון דער מוטערס בעט, איך זאָל גיין א ביסל מיך אויסרוען, גאָר זי האָט עס ביי מיר בשום אופן נישט געקאָנט פועלן.

— גיי דו — האָב איך איר דערויף געזאָגט — דו, געבעך, גיי לייג זיך א ביסל צו און איך וועל מיר דאָ בלייבן אליין, נישקשה.

איך דערמאָן מיך איצט מיט שרעק יענע ווינטערדיקע נאכט, ווען די אלטע איז געלעגן שטאַרק פארדולט מיט פארגלאָצטע אויגן, גערעדט עפּעס נישט צו דער זאך און אין האַרץ האָט ביי איר שרעקלעך געכריפּעט, אַזוי אַז מע האָט געהערט אויף דער גאַנצער שטוב, גלייך ווי עמעצער וואָלט געזעגט האָלץ. גאָלדע איז נישט־טויט־נישט־לעבעדיק געזעסן נעבן בעט אויף א בענקל, מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן, און געבראָכן די הענט. שיינדעלע, די אויסגעבלייכטע, אויסגעדאַרטע, אויסגעטריקנטע שיינדעלע, האָט מיט א פינצטער פּנים געקוקט אויף דער נוטה־למותער מאַמע, געקוקט און געכליפּעט, און כליפּענדיק זיך שרעקלעך פאַרהוסט. פּלוצעם האָט די אלטע זיך אויפגעזעצט, געקוקט אויף אירע קינדער און מיך פונעם האַרצן דערלאַנגט א זיפץ.

— איך בעט דיך, — האָט זי אויף א שלאָף קול צו מיר זיך אָנגערופן, נאָכדעם אַז זי האָט פריער אַקעגן א מינוט שווייגנדיק מיך אָנגעקוקט מיט אַזא בליק, וואָס האָט מיך דורך און דורך דורכגענומען אין אַלע גלידער. — איך בעט דיך, האָב רחמנות אויף מיינע קינדער! זיי בלייבן, נעבעך, עלנט ווי א שטיין — יתומים אָן פאָטער און מוטער, אָן א קרוב, אָן א גואל... איך וועל רואיקער גיין פון דער וועלט, רואיקער ליגן אין קבר, אַז דו וועסט מיר עס הייליק צוזאָגן און טאַקע מקיים זיין...

זי האָט ווידעראַמאָל א זיפץ געטאָן, אַרויפגעלייגט איין האַנט צו גאָלדען, די אַנדערע צו שיינדלען אויפן קאָפּ און זיי געבענטשט שטילערהייט, קוים־קוים, וואָס מע האָט געהערט איר קול. ביידע קינדער זענען צעשמאָלצן געוואָרן וויינענדיק און צוגעפאַלן צו דער מוטער, וואָס האָט זיי געהאַלדזט, געקושט, צוגעקוועטשט צו איר האַרץ. זי איז באַלד טאַקע אָן כוח אַנידערגעפאַלן ווידער אויף איר געלעגער, זיך אומגעקערט מיט דעם פּנים צו דער וואַנט, א כראָפּע געטאָן — און אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביק...

גאָלדע מיט שיינדעלען האָבן אַרויסגעלאָזט אַזא יאָמער, אַזא ביטער קלאָג, אַז א שטיין האָט עס געקאָנט אפילו רירן. איך האָב פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און — ס'איז א ווייטעק, א חרפּה, א שרעק צו זאָגן — און עפּעס א שמייכל געטאָן צופרידן, ווי איך וואָלט פון מיר א שווערע משא אַראָפּגעוואָרפן.

די אלטע, דאָס איז געווען לעת־עתה דער צווייטער קרבן, וואָס איז דורך מיר געפאַלן. שפּעטער א ביסל האָט באַדאַרפט גיין א גאַנג אויך דער דריטער קרבן — די דאַרע אויסגעטריקנטע שיינדעלע!...

# כב

מיר איז דערנאָך שטארק נמאס געוואָרן צו זיצן אינדערהיים מיט פארלייגטע הענט און לאָזן שימלען די גוטע מתנה, דאָס שטארקע געפיל פון א קליין מענטשעלע, וואָס איך האָב אין מיר געהאט. אן עבירה, כ'לעבן, אז אזא געפיל זאָל פארפאלן ווערן, אזא גוטע מתנה זאָל פוילן, ווערן א לעגער־סחורה, אין דער צייט אז איך בין נאָך יונג מיט אלע קרעפטן און וואָלט דערמיט געקאָנט מאכן דאָס בעסטע געשעפט, גיין אין גאָלד! איז דען נאָר, האָב איך געטראכט, איין צבועטשיין א וועלט, און ווייטער איז שוין מער גישטאָ קיין אנדערע שטעט מיט יידן, וווּ מיין סחורה זאָל האָבן אן אָפּגאנג? די וועלט, ברוך־השם, איז גרויס. עס זע־נען דאָ נאָך יידישע שטעט. יידן זענען אומעטום יידן, מיט איין טבע, מיט איין כאראקטער, און יידישע מאכערס, יידישע גבירים זענען אויך דאָ, אָן עין־הרע, ווי מיסט, וואָס לאָזן זיך מסתמא נעמען אויף דער ארענדע און וואָס מע קאָן מיט זיי מאכן די שפּיל! צוואָס זשע זאָל איך פאר־ווּיסטן מיין לעבן, פוילן דאָ אינדערהיים, ביז איך וועל אויפעסן מיין ביסל געלט און ליידן דערנאָך דחקות, צרות און לייד ווי אמאָל, וואָס אז איך דערמאָן מיר נאָך אצינד, ציטערט אויף מיר די הויט און עס שטעלן זיך מיר קאפויער די האָר? ניין, בלייבט ביי מיר, מע טאָר דאָ מער אזוי נישט זיצן! כל־זמן איך בין נאָך יונג און האָב נאָך שיינע עטלעכע גילדן, מוז איך פּרוּוון דאָס גליק און אויף מזל זיך אוועקלאָזן.

— זיי געזונט! — האָב איך אין איין שיינעם מאָרגן געזאָגט גאָלדען, וואָס איז דעמסטמאָל געווען מעוברת, און בין אוועק אין דער וועלט אריין.

גלופּסק איז דער בעסטער פלאץ, וואָס איז מיר באלד געפעלן. זי איז א גרויסע יידישע שטאָט מיט א סך נאראָנים, וואָס לאָזן זיך פירן ביי די נעז פון איטלעכן באזונדער, און איטלעכער טראָגט נאָך די נאָז זייע־גע אקעגן, שטופּט זיך מיט איר פאָרויס, בכדי מע זאָל זי אָננעמען ביי איר צומערשטן, ווייל ער מיינט, אז לאָזן זיך פירן ביי דער נאָז איז א חיוב, א יידישע זאך, וואָס אנדערש קאָן עס גאָר נישט זיין. גלופּסק איז א שטאָט מיט זייער פיל חברות, מיט אלערהאנט גבאים, מיט אלע מיני כלי־קודש און מיט אלערליי שייגע יידן. און גאָט שפּייזט פון די געהער־נערטע בופלאקסן ביז די אייער פון די בינים, ער שיקט דאָרט די דאָזיקע מיני באשעפענישן אויך צו זייער פרנסה בכבוד. קורץ, גלופּסק איז מיר באלד טאקע זייער געפעלן, פאר מיר אקוראט ווי געווונטשן. זי איז פאר

מיר געווען דאָס, וואָס א שטענדיקע זומפּיקע בלאָטע איז פאַר א זשאבע, וו זי קאָן זיך קוואקען און צעפירן א ביסל די הענט.

דענסטמאָל בין איך אלט געווען א יאָר דריי־פיר, און, מי יודע, אפשר פינף, זעקס, זיבן און צוואנציק יאָר. איך האָב מיינע יאָרן נישט געציילט, און, ווי א סך יידן ביי אונדז אין יענער צייט, נישט געוווסט, ווען איך בין געבוירן געוואָרן, און דאָס איז אויך נישט געשטאנען פאַר־שריבן, — וואָרעם אזוי, פאַרשטייט איר, איז געווען גלייכער... און גאָר א חוץ דעם, צוואָס האָט עס געטויגט וויסן? דער טאָג פון געבוירן ווערן איז ביי מיר, ווי ביי אנדערע יידן, נישט קיין יום־טוב. יאָרצייט פוגעם יום־המיתה — דאָס געדענקט א ייד, אָבער יאָרצייט פונעם געבורטסטאָג — צוואָס? עס קומט אויס עפּעס משוגה ווילד... געלט האָב איך ביי מיר געהאט, און דעריבער איז מיר גרינג געווען באקאנט צו ווערן מיט די גלופּסקער פיינע בריות. זאָגן פלעג איך זאָגן, אז איך טראכט דאָ מאכן עפּעס א געשעפט, אָבער אין אמת אריין האָב איך גאָר ארויסגע־קוקט אויף מיין ארענדע, וואָרעם חוץ דער ארענדע האָב איך געטויגט אויף גיין און גיינציק כפּרות. מיין גאנצע כוונה איז געווען צו נעמען דאָרט דעם גרעסטן גביר אויף דער ארענדע און מאכן מיט אים די קאָ־מעדיע, ווי רב איסר אמאָל מיט זיין גביר.

ווי איר ווייסט דאָך, איז דער גלופּסקער גביר געווען א גרויסער פאַרנעם אין דער גובערניע. זיין כוח איז געווען גאָר קיין קאטאָוועס נישט. און ווי גרויס, אזוי פראָסט איז ער ביי זיך געווען. ער האָט ליב געהאט זיך אָפּצוגעבן מיט אלע נארישקייטן און צו וויסן אלצדינג, וואָס פאַרלויפט זיך אין שטאָט, וואָס קאָכט זיך ביי איטלעכן אין טאָפּ. און דאָס איז דאָך פאַר מיר געווען טאקע אזוי ווי אָנגעמאָסטן, אזעלכע ווי ער האָב איך טאקע ווי אין לעבן אריין באדארפט האָבן. מיט אזא כוה ווי ער, האָב איך געפילט, קאָן מען דרייען רעדער, קערן וועלטן. נאָר וויאזוי אָבער קומט מען צו אים? וויאזוי דערטאפּט מען אים אין די הענט אריין? דערצו, האָב איך ארויסגעזען, קאָן מען אנדערש נישט קומען, סיידן צו ווערן אן עכטער גלופּסקער תושב, ארייגצודרייען זיך ווי אן אייגענער צווישן די גלופּסקער כלי־קודש און ווערן מיט זיי פאַרקניפּט און פאַר־בונדן. איך האָב אָנגעהויבן מכוח דעם שטארק צו טראכטן.

דערווייל איז אוועקגעגאנגען א היפּשע צייט און איך בין מיט דעם פלאַץ אלץ וואָס ווייטער מער באקאנט געוואָרן. שדכנים האָבן מיך נישט געלאָזט רוען און ארום מיר זיך געדרייט, ווי די בינען. זיי איז געפעלן געווען, אז איך בין אן אלמן. פונוואנען זיי האָבן דאָס גענומען, ווייס איך

אליין נישט, פאר זיי איז, אפנים, גענוג געווען דאָס אליין, וואָס איך בין א מאנסביל און זיץ א צייט אָן א ווייב, מסתמא באדאַרף איך און וויל חתונה האָבן, אנדערש האָט זיי זיך גאָר נישט געלייגט אין קאָפּ. דערי־בער פלעגן זיי מיך באפאלן ווי די הייישעריקן און מיר אָנשלאָגן שידוכים. איך פלעג זיי צוהערן תמיד מיט א שמייכל און ביי מיר טראכטן: וואָס ארט עס מיך, לאָזן זיי זיך רעדן, עס איז דאָך דערווייל גלאט גוט, א פארגעניגן צו שמועסן פון כלות, צו פארברענגען די צייט אין א שמועס איבער שיינע מיידלעך, און דווקא מיט וועמען? מיט פרומע ייִדן, וואָס רעדן פון מיידלעך, שטעלן ארויס זייער שיינקייט, זייער פיינקייט, וואָס לויבן אָפּ אין טאָג אריין זייערע מעלות און לעקן פון זיי די פינגער מיט גרויס חשק און התלהבות... מהיכא־תיתי, האָב איך געטראכט, לאָזן ייִדן זיך רעדן, אפילו צעזעצטערהייט, וועמען קאָן עס ארן?... די שדכנים האָבן דערווייל מיך צעטראָגן אויף טעלערלעך און מיט זייערע רייד מיך אריינ־געבראכט אין א גוטן שם ביי דער גאנצער שטאָט: אז איך בין שטארק רייך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, א יחסן, א קלוגער, א בריה, א מענטש, איך זינג גאָר מחיה, דערצו בין איך נאָך א דימענט, אָן א גאָל, מיט א ייִדיש האַרץ און מיט גילדענע מעלות. גאנץ גוט, האָב איך מיר געטראכט, רעדט, רעדט, ייִדישע קינדער, גאט אייך א טרונק בראָנפן און רעדט, ווי ווייט איר קאָנט!... איינער פון די שדכנים האָט מיר צולעצט אָנגעשלאָגן א שידוך, הווקא נישט קיין געלט, אָבער מיט א גרויסן פיינע־בריה, מיט א בארימטן יחסן, איינער אין דער וועלט.

דער גרויסער פיינע־בריה, מיט וועלכן מע האָט מיר גערעדט, האָט געהייסן מיט א פירנאָרנדיקן נאָמען: רב יוסף־מארקל רב מאָניש־לייבע־לעס. ער איז געווען איינגעטונקט אין יחוס, געשטאמט פונעם פארצייטיקן גלופסקער רבס געזינד. כל ימיו האָט ער קיין האנט אין קאלט וואסער נישט אריינגעטאָן, גאָר פון דעם יחוס זיינעם תמיד זייער שיין געלעבט און אויסגעגעבן קינדער. גאָט האָט אים געלייטזעליקט מיט א סך דארע, שווארצע, מיאוסע מיידלעך, צו אלע מעלות נאָך גרויסע שלימזלניצעס, נאָר ער האָט זיי אלע אויסגעבראכט, ווי מע זאָגט, אויפן לויט. גרויסע נגידים, ווי א שטייגער, אויפגעקומענע משרתים, פלוצעם רייך־געוואָרענע קליינע מענטשעלעך, פלעגן פשוט אויסגיין מיט רב יוסף־מארקל רב מאָ־ניש־לייבעלעס זיך משדך צו זיין און זיך איינקויפן דורכדעם אין יחוס. קוים האָט זיינע א טאָכטער דערלעבט אלט צו ווערן פערצן, פופצן יאָר, האָט זיך שוין געפונען אויף איר א בעלן, וואָס ער איז געשווינד פאר־לאָפן אנדערע דעם וועג, אויסגעכאפּט די טייערע מציאה פון זיינע הענט

און נאָך אים געגעבן אין ביטל אריין. דאָס מיידל, וועלכע מע האָט מיר גערעדט, איז געווען נאָך שווארצער, מיאוסער פון אירע אלע איבעריקע שוועסטער, מיט אן אויסגעווייקט פנימל, קליין, דאר, ווי גרוגרת דר׳ צדוק — א פייג הייסט עס, ר׳ צדוקס אן אויסגעטריקנטע פייג!.. אין פארגלייך מיט גאָלדען האָט זי א פנים געהאט ווי א מאלפע אקעגן א מענטשן. דער שדכן אָבער האָט אין איר קיין שום חסרון נישט געפונען, ביי אים אין די אויגן האָט זי געהאט דעם יידישן חן.

— מילא — האָט ער געזאָגט — מילא, אז זי איז אביסל טונקל, אָדער ווייס איך נאָך וואָס אזוינס, נו מילא, וואָס מאכט עס אויס? ווער קוקט אויף אזעלכע נארישקייטן און ווענען באדארפן אזעלכע קלייניקייטן אָנגיין? מילא וואָס מאכט עס א יידן אויס שווארצלער, צי ווייסלער א ביסל? עט, אלץ איינס, כ׳לעבן! דער עיקר איז דאָך דער קרן אליין... אָט אויף וואָס מע באדארף קוקן. און אויב דער קרן, וואָס איך גיב אייך דאָ פאָר, איז גוט— דאָס, דאכט זיך, קאָן א בלינדער אפילו אויך אָנ־טאפן.

עס פארשטייט זיך, אז איך האָב געלאכט פון דעם שדכנס דאָזיקע ווערטער. פונדעסטוועגן האָב איך הנאה געהאט אים אויסצוהערן און דער שידוך איז מיר אלץ וואָס ווייטער מער אין קאָפ אריין. עס האָט זיך מיר געפעלט די אויגן און איך האָב דערזען, אז דער איינציקער וועג, אויף וועלכן איך קאָן קומען צו מיין ארעגדע און מאכן א גליק, איז טאקע נאָר דורך אזא מין שידוך. רב יוסף־מארקל רב מאָניש־לייבעלעס איז דאָך א כלי־קודש, א קאָבלעפל, א גבאי אין א סך חברות, איז איינגעזען ביי דעם גביר, וואָס לייגט אויף אים גרויס כבוד און האלט זיך מיט אים עצות מכוח יידישע זאכן, — הייגט אז איך זאָל ווערן זיינער אן איידעם, וואָלט איך דאָך געוואָרן זייער גרינג דעם גבירס נשמה, ער וואָלט דאָך ביי מיר געטאנצט נאָר א וונדער. איך וואָלט געווען געהאט שפע, אריין אין די גרויסע אלפים און געלעבט גליקלעך, נאָך א סך בעסער, ווי איך האָב מיר אמאָל פאָרגעשטעלט! טאָר אי, וואָס, דער קרן? זי איז דאָך מיאוס? נו, מילא, באמת טאקע, וואָס מאכט עס אויס! נו, אז גאָלדע איז א שיינע, מילא וואָס זשע קומט מיר פון איר שיינקייט ארויס? אלצדינג איז גוט מיט ברויט...

איך האָב מיך דערמאָנט אין גאָלדען און געהאט גרויסע צרות, וואָס זי הענגט מיר ווי א קאָלטן און איז אויסן אויף מיין נשמה. איך האָב זי אין הארצן געשאָלטן און געטראכט, ווי מע ווערט פון איר פטור.

דער שדכן האָט דערווייל געטאָן זיינס, מיך אַלץ געפּיקט, געפּיקט דעם קאָפּ און געזאָגט, אַז באַם איך וועל מיך נישט אײַלן, וועט אונטער־שפּרינגען אַן אַנדער בעלן און וועט אויסכאַפּן אַזאַ גליק, אַזאַ כשרע מציאה ביי מיר פון די הענט. עס וועט מיר דערנאָך משונה באַנג טאָן. איך האָב מיך געלאָזט איינרעדן און דער שדכן האָט ווי אַ בריה מיך פּלוצעם צונויפגעפירט מיט רב יוסף־מאַרקל רב מאָניש־לייבעלעס, פאַר וועלכן ער האָט אָנגעזאָגט אויף מיר הרים־וגבעות און אויסדערציילט שבחים, נאָך מער ווי אויף אַ יידנס מצבה. אַלץ גוט, אַלץ שיין, נאָר דער עיקר, וואָס דער מחותן האָט געפּאָדערט, איז געווען, איך זאָל נישט האָבן פונעם ערשטן ווייב קיין קינדער. פרעמדע קינדער אָנהענגען זיין טאָכטער האָט ער נישט געוואָלט בשום אופן. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך האָב נישט קיין קינדער, דער שדכן פון זיין זייט האָט אים וועגן דעם גע־שווירן ביי זיינע הייליקע נאמנות, אי ביי זיין חלק עולם־הבא וכדומה נאָך אַזעלכע מיני שבועות... מיר האָבן למזל געמאַכט אַ תקיעת־כף און אָפּ־געלייגט די תנאים אויף אַ קורצער צייט שפּעטער. איך האָב מיך גע־שמאַק געגומען טראַכטן צו געפינען עפּעס אַ מיטל, ווי איך זאָל דערווייל אין דער דאָזיקער צייט לויז ווערן פון גאָלדען — שאַ, שטיל, קיין האָן זאָל נישט קרייען.

## כג

אַקעגן אַ דריי וואָכן נאָך דעם תקיעת־כף איז אין צבועטשיץ אָוונט־צייט אַריינגעפאָרן אַ בויד און זיך אָפּגעשטעלט נעבן גאָלדעס שטוב. אַ קאַלטע לופט האָט געוויייעט און אַראָפּגעבלאָזן פון אַ טייל ביימער די גע־לע בלעטלעך, וואָס האָבן, ליגנדיק אויף דער ערד, זיך שטילערהייט גע־שושקעט צווישן זיך עפּעס זייער אומעטיק און אָנגעמאַכט אויפן האַרץ אַ מרה־שחורה. פון דער בויד איז אַרויסגעקראָכן אַ מענטש, וואָס איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער טיר און געבליבן דאָרט אַ ביסל שטיין מיט אַזאַ מינע, גלייך ווי אים וואָלט עפּעס פריקרע געווען אָנצונעמען ביי דער קליאַמקע. דער דאָזיקער פּאַרשוין איז געווען טאַקע איך מיט מיין כבוד אַליין.

ביים אַריינקומען אין שטוב האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרץ און איך בין געבליבן שטיין נעבן דער טיר אָן לשון. גאָלדע איז אייגע אַליין געזעסן אויף דער ערד, אין אַ ווינקל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ, מיט דעם פּנים אַראָפּ, אויף אַ בענקל, גלייך ווי זי האָט געדרעמלט, און נישט באַמערקט, ווי איך בין אַריינגעגאַנגען. אויפן פּענצטער האָט מיט

א רויטן פּלאַם געברענט א חלבדיק ליכטל, דערביי איז געשטאַנען א גלאָז וואַסער מיט א שטיקל לייוונט. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָס אַלצדינג באַטייט, און אין מיר האָבן געקאָכט פאַרשידענע געפילן. איך האָב מיך דערמאָנט אין מיין ערשטן אריינקומען אהער, ווי פריילעך, ווי שיין דאָ האָט דענסטמאָל אַלצדינג אויסגעזען; ווי שטאַרק צופרידן האָט דאָ אמאָל זיך געלעבט אַן אָרעמע פאַמיליע! אַלע דאָ אין שטוב האָבן זיך ליב געהאַט, האָבן געהאַט גוטע האָפענונגען אויף שפּעטער, און מיט דער האָפענונג געלעבט דערווייל זייער גליקלעך. פּלוצעם האָב איך מיך אהער אריינגעכאַפּט, ווי א קאַץ אין א נעסט פון גליקלעכע, צופרידענע טויבן, און האָב פון איטלעכן געמאַכט אַן עק. מיכל איז ערגעץ פאַרוואָגלט, נישט צו וויסן, ווו זיין געביין איז הינגעקומען, די אַלטע מוטער און שיינדעלען האָב איך געטריבן אין דער ערד אריין, און אצינד וויל איך איינגאַנצן עקן מיט גאָלדען — פאַרוויסטן איר אויף אייביק דאָס לעבן...

איך האָב געטאָן א טריט ווייטער. גאָלדע האָט ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט און מיך אָנגעקוקט א רגע, עפּעס ווי צעמישט. מיט איר בלייך פּנים, אויף וועלכן ס'איז געלעגן אויסגעדריקט די גרויסע צרות, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען, אי מיט אירע רויטע פאַרשוואָלענע אויגן, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט איר פינצטער געמיט, האָט זי אין מיר אויף א ווילע דערוועקט א מענטשלעך געפיל פון רחמנות און איך האָב נישט־ווילנדיק א זאָג געטאָן: וואָס מאַכסטו, גאָלדע?

— א טייערער גאַסט, כ'לעבן! — האָט גאָלדע מיט א טיפן, ביטערן זיפץ זיך אָנגערופן און אוועקגעקערט דעם קאָפּ — נאָך אזא לאַנגער צייט שווייגן האָט ער זיך פאַרט דערמאָנט און איז געקומען מנחם־אָבל זיין דאָס ווייב!... אָט וואָס איך מאַך, שבעה זיץ איך... אך, שיינדעלע, שיינדעלע!...

— גאָלדע! — האָב איך א זאָג געטאָן, געמאַכט עפּעס מיט דער צונג און אליין נישט געוווּסט, וואָס איך רעד. אזוי צעמישט בין איך געבליבן פון אירע לעצטע ווערטער, וואָס זי האָט עס געזאָגט אזוי טרויעריק, אַז עס האָט געקאָנט רירן אפילו א שטיין.

— וויסט און פינצטער איז מיר דאָס לעבן. איך וואָלט מיר בעסער געוווּנטשן דעם טויט, ווען נישט ער... קום! — האָט גאָלדע אויפשטייענדיק פון דער ערד, געזאָגט שוין ווייכער א ביסל, מיך אריינגעפירט אין אַלקער אונטער די ווענטלעך און איז מיט מיר צוגעגאַנגען דאָרט צו א וויגעלע, וואָס אינעווייניק איז געלעגן א שלאָפנדיק קינד מיטביידע צו־

געמאַכטע הענטלעך אויפן מיילכן און אַ זיס שמייכעלע איז אים צייטנ־
ווייז איבערגעפלויגן איבער דעם פּנימל — אָט, צוליב וועמען איך וויל
לעבן! — זאָגט זי, אָנווייזנדיק מיר אויף דעם קינד און דאָס פּנים ווערט
איר דערביי לעבעדיקער, פריילעכער.

דאָס קינד האָט פּלוצעם געעפנט די אייגלעך, זיך גענומען זויגן אַ
פינגערל, געבעבעט און געמאַכט קינדערשע אָנשטעלן. די מאַמע האָט
גאָר אָנגעקוואָלן און פאַרגעסן אין דער מינוט אירע ביטערע צרות, גלייך
ווי זי אַליין איז געוואָרן אַ קינד.

— קוק נאָר, זון — האָט זי אויף קינדעריש גערעדט צום קינד —
קוק נאָך, ווער דאָ שטייט: טיאַ־טיאַ! מיט ליב דיר דיין גאַסט! אָט איז
דיין טיאַ־טיאַ, טיאַ־טיאַ!...

עס האָט אין מיר פּלוצעם אָנגעהויבן צו זידן דאָס בלוט, איך האָב
דאָך דעם מחותּן געגעבן אַ וואָרט, אַז איך האָב נישט קיין קינד, און
אַצינד זע איך גאָר ליגט פאַר מיר דאָ אַ קדיש, וואָס טויג מיר כּלל נישט
צום עסק. דאָס געפיל פון רחמנות איז מיר באַלד אויסגעלאָשן געוואָרן,
איך בין געשטאַנען אָנגעלאָדן מיט אַ ברוגזדיק פּנים און אָנגעקוקט ביין
דאָס אומגליקלעכע קינד, נעבעך, וואָס האָט אָנגעהויבן צו מאַכן פּיסקע־
לעך און שטאַרק צעשריגן זיך.

— שאַ, שאַ! — האָט גאָלדע צו אים געמאַכט — שאַ, גאַרעלע,
וואָס האָסטו אַזוי מורא פאַרן טיאַ... פאַר דיין טיאַ־טיאַ? — און
בשעת זי בייגט זיך אָן צום קינד, נעם איך אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ
געשריפטס און טו עס געשווינד אַ וואָרף איר אין די הענט אַריין מיט
די ווערטער:

— אָט האָסטו דיר עס פון מיר אַ גט!...

גאָלדע בלייבט שרעקלעך צעמישט, גלייך ווי מע וואָלט איר געגע־
בן מיט אַ האַק איבערן קאָפּ, זי גלאָצט אויס אַ פּאָר גלעזערנע אויגן און
קוקט, נישט צו רעדן אַ וואָרט.

— הער נאָר אויס, גאָלדע! — רוף איך מיך אָפּ צו איר — ווי די
מעשׂה איז, דו ביסט מער נישט מיין ווייב, מיר געהערן זיך שוין ביידע
נישט מער אָן. נאָר אַז דו וועסט קיין נאַר נישט זיין, נישט מאַכן דער־
פון קיין רעש און האַלטן ביי זיך דאָס קינד, וועל איך דיך מסתּמא נישט
פאַרלאָזן און וועל דיר צייטנווייז צושיקן עפּעס געלט.

ביי די דאָזיקע רייד מיינע האָט גאָלדע אויסגעשאָסן מיט אַ משונה
ווילדן געלעכטער, אַזוי אַז איך האָב געמיינט, זי איז זיכער אַראָפּ פונעם

זינען. דער דאָזיקער ווילדער מין געלעכטער איז איבערגעגאַנגען דערנאָך אין אַ ביטער געשריי:

— אַרויס! — צעשרייט זי זיך אויף מיר, נעמט אָן אַ שטאָלצע מינע — דו ביסט נישט ווערט, רשע, אַ רגע צו בלייבן דאָ אין שטוב, וווּ עס האָבן געלעבט אַמאָל ערלעכע לייט, וואָס זענען דורך דיר געגאַנגען פון דער וועלט! זיי רואיק, איך וועל אַזאַ פאַרשווין, ווי דו, נישט נאָכיאָגן. ס'איז מיר גאָר אַ חרפּה צו זאָגן, ווען איך האָב געהאַט פאַר אַ מאַן. מעגסט דיר גאַנץ רואיק חתונה האָבן! איך און מיין קינד באַדאַרפן מיר דיין הילף נישט האָבן! כּל־זמן איך לעב, וועל איך מיר, נישט קשה, מיט מיינע הענט כּשר פאַרדינען אונדזער באַדערפעניש. אַרויס פונדאַנען, זאָג איך דיר, און פאַרגעס גאָר, אַז דו האָסט ערגעץ אַ קינד. אַרויס, אַררררויס!...

איך האָב געשוויגנדיק מיך אַרויסגעכאַפּט פונעם שטוב און בין באַלד טאַקע אין דער אייגענער נאַכט אַוועקגעפאָרן.

## כד

דער שווער מיינער רב יוסף־מאַרקעל רב מאָגיש־לייבעלעס איז געווען אַ מייער שליסעלע, וואָס האָט געעפנט פאַר מיר אַלע טירן פון די גרויסע גלופּסקער פיינע־בריות און מיר אַנטפּלעקט אַ סך סודות פון דער גאַנצער כנופיה שטאָט־פירער. זיין יחוס און זיינע זכות־אָבות זענען מיר בייגעשטאַנען צו ווערן אַ שיינער ייד, אַ גבאי אין חברות, אַריינצושמעקן די נאָז אין שטאָט־זאַכן און צו נעמען לסוף דעם גלופּסקער גביר אויף דער אַרענדע. אָט דענסטמאָל ערשט האָב איך אָנגעהויבן ווערן אין שטאָט אַ גאַנצער טוער. געמאַכט מיט דעם בער מיינעם די שפּיל כּדת איסר ווארגער, און יידן האָבן געצאָלט פאַר אַלע אָנשטעלן אין טאָג אַריין. איך האָב בחוש טאַקע אַרויסגעוויזן איסרס ווערטער, אַז „אַזאַ טייער, אַזאַ גוט, אַזאַ גאָלדן און אַזאַ נאַריש פאָלק, ווי יידן זענען, איז אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ“...

מיין ווידוי וועט אייך דאָ געבן צו פאַרשטיין אַ מעשׂר מן המעשׂר פון מיין דרך און פון מיין אויפפירונג אין מיין לעבן.

על חטא שחטאתי באיש־קטן — דאָס טייטש: אַ קליין מענטשעלע. אַ כּפּרה, האָב איך געזאָגט, אַלע מלאכות אין דער וועלט. פון זיי קאָן מען אייביק נישט אויפקומען, מע בלייבט דערנידעריקט,

דערשלאָגן, תמיד דערונטער, דאָס כפּרה־הינדל. לאָזן אנדערע ארבעטן, פון מיינעטוועגן כאָטש די כפּרה ווערן, איך אָבער וויל לעבן, זיין א לייז־דיקגייער און טאקע גוט לעבן.

ועל חטא שחטאָתי בארענדע — די ארענדע מיינע, זייער א גרינגע איינבערענגעדיקע פּרנסה, האָט מיר פארשטאָפּט דאָס הארץ. איך האָב נישט געגלייבט אין אמת, אין אָרנטלעכקייט, אין רחמנות, אין פריינדשאפט און אין אלע אנדערע גוטע מענטשלעכע געפילן. איך האָב נישט מער געוווסט נאָר דאָס, וואָס מיר טויג, וואָס מיר נוצט און געריסן ביי איטלעכן, אי ביי אָרעמע, אי ביי אלמנות און יתומים, ווי ווייט איך האָב נאָר געקאָנט. אז אן אָרעמאן האָט פאר מיר געוויינט, געגאָסן טייכן טרערן, האָט עס מיך נישט אָנגעהויבן צו רירן. וואָס טויג מיר טרערן, פלעג איך בשעת מעשה טראכטן, גיב בעסער געלט! תן לי הרכוש וההמעות קח לך — דאָס הייסט אויף קליינמענטשלדיק לשון: „זשיד, דאוואי גראָשי!“ אָדער: הונט, גיב געלט און מיט די טרערן וואַרג זיך אליין!...

על חטא שחטאָתי בבל תשחית — דאָס טייטש, מע טאָר נישט פארדארבן, און איך האָב יאָ פארדאָרבן. איך האָב גענומען א גביר, גאָטס א מין באשעפעניש אויף צוויי פיס מיט א פּנים, א גע־שטאלט ווי ביי א מענטשן, און געמאכט פון אים א בער.

ועל חטא שחטאָתי בבהמה זו — וואָס איך האָב געזינ־דיקט מיט דער דאָזיקער בהמה. דער פּירוש דערפון איז אזוי: אלע ביי אונדז יידן קוקן, ווי דער שטייגער איז, דעם גביר אין מויל אריין און ווילן אים צובאמקען אין אלצדינג, וואָס זיי טוען. אין זייער גאנצער אויפפירונג: אין זייער פרומקייט און אמונה־זאכן, אין זייער מגדל זיין די קינדער, אין זייער לעבן ביי זיך אינדערהיים און אין מארק, זעט זיך באשיימפערלעך ארויס דעם גבירס גוסט, זיין געשמאק און זיין כאראק־טער. די אלע דאָזיקע הנהגות פון עפּעס א שטאָט, גוטע צי שלעכטע, קלוגע צי נארישע, געווענדט זיך זייער פיל טאקע אין דעם, וואָס פאר א מין מענטש דער דאָרטיקער גביר איז. דעריבער, אז איך האָב מיט מיין גביר, די בהמה, געמאכט נארישע העוויות, וואָס האָט אונדז שטארק געפאסט צום עסק, זענען דורכדעם א סך טאקע געוואָרן בהמות און האָבן, נעבעך, זיך מיאוס נאריש געמאכט. וואָס מער נארישער איז אלץ אויסגעקומען שענער, יידישלעכער. א נאר האָט אָנגעהויבן שטארק צו גילטן, ווער שמועסט דערצו נאָך אן עם־הארץ, דער איז גאָר ארויף אויף א הויכער מדרגה... איך, ווי איז מיר, פלעג קוקן און הנאה האָבן פון

מיינע נאראָנים. איך פּלעג אויף זיי קוקן ווי דער אָקסנהענדלער אויף
זיינע אָקסן און מיט אַ פרייליכער הארץ אָפּשאַצן דעם ריווח, וואָס מע
קאָן פון זיי האָבן.

על חטא שחטאתי בגלוי-הוראות — דאָס הייסט אנט-
פּלעקונג פון נייע מיני דינים. דיינים, מורי-הוראות, די האָב איך גע-
האלטן אין מיינע הענט, זיי האָבן געמוזט טאָן אַלצדינג, וואָס איך האָב
געהייסן, אויפטאָן אַזוינע משונהדיקע שטיק, פון וועלכע מע האָט קיינ-
מאָל נישט געוווּסט, נישט געהערט. זיי האָבן געאסרט אַזעלכס, וואָס
מע האָט געמעגט, וואָס כשר — געמאכט טריף, אַלץ נאָר אַזוי ווי מיר
האָט געטויגט, ווייל זיי האָבן דאָך נישט געקאָנט מיט מיר איינרייסן,
אוים מורא, איך זאָל זיי חלילה נישט ברעכן פון ברויט. גרויסע נאַלגאַנ-
סקע הינער, אַ שטייגער, האָבן די דיינים, נעבעך, זיי געמוזט אסרן און
אויסדרינגען, אז זיי זענען גאָר מיני אָדלער, נאָר מהאי-טעמא, ווייל איך
האָב אזוי געהייסן, ווייל איך האָב געהאלטן בלאָט מיט דעם בעל-טאקסע,
און אים האָט דאָך נישט געטויגט, מענטשן זאָלן זיך גלאָט עסן אזעלכע
גרויסע הינער, אזוי פיל פלייש אָן טאקסע און וואָס פאר זיי קומט איין
שחיטה-געלט, ווי פאר קליינע הינער.

ועל חטא שחטאתי בדיבור-פה — בראַנאַטן הייסט עס,
איז איינעם נישט געפעלן געוועז אַמאָל מיינע הנהגות אין דער שטאָט,
ער האָט נישט געקאָנט צוזען דעם שרעקלעכן שווינדל, ווי מע פאר-
בלענדט דעם עולם די אויגן; ווי מע פארדרייט אים דעם קאָפּ; ווי מע
פירט אים ביי דער נאָז — און מע פארפירט אים ביז דעם האלדז אין
מיאוסע בלאָטעס אריין — אזעלכן פּלעג איך און מיינע לייט פארזאָרגן
מיט אַ שפּרוך, מיט אַ „שיר-המעלה“, אַ דאַגאָסל הייסט עס, וואָס מיר
פלעגן שיקן אהין, וו מע באדארף. און אויף אזא אופן האָבן מיר אַ סך
מיילער פארשטאָפּט.

על חטא שחטאתי בהוקעס-פּוקעס — איך פּלעג מאכן
מיט דער רייף, צאַפּן פון דער וואנט געלט, מאכן פון שניי גאָמעלקעס,
אריין יענעם אין דער גרגרת, שטיין פונדערווייטנס און דערלאנגען אַ
ביס, מאכן פון שווארץ ווייס, רעדן מיט אַ מענטשן און פון דער העלער
הויט ארומשטעקן אים מיט פעדערן, כאַפּן פיש פאר די נעץ און מאכן
פונעם מויל אַ כאַליעווע, וכדומה נאָך אזעלכע פּאָקוסן, וואָס אפילו פּיע-
נעטע, דער בארימטער פאָקוסניק, איז נישט ביכולת געוועזן זיי צו מאכן.

ועל חטא שחטאתי בוויבאָרעס — יענע מעלות, וועלכע
מע באדארף האָבן אין מענטשן אויף אויסצוקלייבן זיי צו עפּעס אַ

התמנות, ווי אשטייגער: ערלעכקייט, פארשטאנד, א קאָפּ, א מויל און א פּען וכדומה — אָט די דאָזיקע אלע מעלות, מיט וועלכע מע קאָן א פּנים האָבן פאר דער וועלט און פיל נוצן ברענגען דער שטאָט, זענען פאר מיר און פאר מיין כגופיה געווען גאָר חסרונות. איך האָב באדארפט דווקא אזעלכע, וואָס האָבן נישט קיין פּנים פאר דער וועלט און קאָנען קיין נוצן נישט ברענגען דער שטאָט, וואָרעם דאָס, וואָס האָט געטויגט דער שטאָט, האָט לחלוטין מיר נישט געטויגט. איך האָב גאָר באדארפט האָבן עפּעס א לאָפּנמיצל, א לא־יוצלח, א לעדערנעם דישל, וואָס איך זאָל אים בייגן וווהין איך וויל, וואָס פאר א גראָשן זאָל ער פארקויפן זיין נשמה, וואָס ער זאָל זיך שטארק מכניע זיין און חנפענען מיך מיט מיין גאנצן פּעקל. און ווייל דער גלופּסקער עולם איז דאָך געווען תמיד שטארק פארנארישט, ווי א קליין קינד, און זיך געלאָזט פירן ביי דער נאָז, דעריבער האָט ער תמיד בשעת וויבאָרעס אויף א גלאסנע, אָדער אויף א רב וכדומה, אויסגעקליבן יענעם לאָפּנמיצל, יענעם טויגעניכטס, יענעם לעקעש, וועלכן איך האָב געוואָלט, און דורך וועלכן ער פלעגט דערנאָך באקומען בויכווייטעק. וואָס ווייסט דען א נאריש קינד צו באַ־רעכענען, וואָס שפּעטער וועט זיין? עס איז גערן צו פּאָלגן אלצדינג, אבי מע גיט אים א שמיר איבער די ליפּעלעך מיט אביסל ווייַן, מע רוקט אים אריין אין הענטל א לעקעכל און מע פארשטאָפּט אים דאָס מויל מיט א קנישיקל... אי דערנאָך וועט אים דערפון גרימען אין בייכל און עס וועט אים באָקעם ארויספאלן, גו מילא, וועט אים טאקע ווי טאָן. דעם עולם, דעם נארישן קינד מיינעם, פלעגט דאָס קנישיקל נישט באקו־מען, ער פלעגט עס שפּעטער טאקע אויסקרענקען און איז דורכדעם שטארק, נעבעך, פונעם פּנים אראָפּ.

על חטא שחטאתי בחברות — צדקה־חברות האָב איך זייער ליב געהאט פאר דעם גרויסן נוצן, וואָס מע האָט פון זיי... מתעסקים באקומען דאָך א נאָמען: בעלי־רחמימס, כלי־קודש, און צו דעם דאָזיקן טיטל פאלט זיי נאָך שטילערהייט אויך צו אן אָפּטער, זייער א היפּשער, א שיינער גראָשן. מיין שווער האָט דערגרייכט דעם טיטל „דייסטוויטעל־ני טאיני גבאי“, דאָס הייסט א גבאי, וואָס חברהש געלט איז ביי אים אין די הענט בסוד־סודות און קיינער חוץ אים ווייסט נישט, וווהין דאָס געלט קומט אהין .. איך בין אויך אריינגעטרעטן אין א סך חברות און זיך דערדינט צום טיטל נאמן, דאָס הייסט איינער פון יענע מיני מתעסקים, וואָס מע גלייבט זיי אויף נאמנות: אלצדינג, וואָס זיי טוען, איז געטאָן, און זענען נישט מחויב קיינעם רעכענונגען אָפּצוגעבן... מיר האָבן אלע, איט־

לעבער אויף זיין שטייגער, געמאכט כאפּ־לאפּ און אלצדינג איז געבליבן „כאטש פאַקרישקע“...

על חטא שחטאתי במאקסע — די מאקסע פון פלייש אָדער דאָס קעסטעלע, איז דאָס פּארעפּושטע, אומרייניגע אָרט, וואָס דאָרט האלטן זיך וואנצן, ווערעם און נאָך אזעלכע מיני שרצים; זי גיט ביי אונדז ארויס יענע מיני מענטשעלעך, יענע מיני שלעק, וואָס עסן אָפּ דעם קאָפּ און טוען אָן גרויסע צרות; זי איז אן אָנשיקעניש, א פּלאָג, וואָס לאָזט זיך פילן אין יידישע אינטערעסן און האָט א חלק אין אלע צרות. דורך דער מאקסע זענען יידן קראנק, דאר, אויסגעמאָגערט און ליידן בימערע שלאפקייטן, וואָס גייען איבער בירושה פון דור צו דור. דורך דער מאקסע געפינט מען זיך ביי אונדז תמיד אן אויסרייד ווי צו באַ־רייסן דעם עולם. אימלעבער גראָשן מאקסע־געלט ציט, ווי א מאגנעט, צו זיך צו נאָך א סך יידישע גראָשנס, עס לייגט זיך אליין צו, עס ווערט אלץ געהעכערט, געהעכערט א גראָשן אויף א גראָשן, ביז עס ווערט פון זיי א היפּש בערגל. דורך דער מאקסע שפּרינגען כאַפּטעסוויין ארויס און האָבן ביי אונדז א קיום יענע מיני נפשות, וואָס פארשווינדלען דעם עולם מיט אלערליי נארישקייטן און נארן אים אויס. עס שפּרינגען דורך איר ארויס און האָבן דורך איר זייער גאנצע יניקה די אלע גאָטס־סטראַפּטשעס, קאָב־לעפּל, באַסיאקעס און אלערליי מיני בעלי־טובות, וואָס נעמען צו פשוט דאָס חיות מיט זייער גוטסקייט און פרומקייט. קורץ, דורך דער מאקסע באקומען א סך מענטשעלעך ביי אונדז כוח, די שלימזה, צו טאָן אלצדינג, וואָס זיי טויג און וואָס זיי ווילן. איך אליין, ווי איז מיר, בין דאָך געווען איינער פון יענע מענטשעלעך. איך אליין פלעג דאָך אויך זויגן פון דער מאקסע און געהאלטן פאר איר תמיד שטאָל און אייזן, ווייל איך האָב געוווסט דעם סוד, אז כל־זמן ביי יידן וועט זיין די מאקסע, וועלן זיי בלייבן אין גלות ביי אזעלכע מענטשעלעך, ווי איך מיט מיין גאנצער כנו־פיא, מע וועט זיי קאָנען האלטן אין דער מורא ווי קליינע קינדער, ארויס־פירן זיי אויף נארישקייטן און טאָן מיט זיי אלצדינג, וואָס מע וויל. איך האָב געהאלטן פאר דער מאקסע און די מאקסע האָט מיך געהאלטן אויף די פיס. איך האָב געגעסן אומזיסט דאָס שענסטע, דאָס בעסטע פלייש, און די אָרעמע לייט האָבן געצאָלט טייער און געגריזשעט ביינער. זיי, די אָרעמע לייט, זענען געווען די שאָף און איך דער וואָלף, איך האָב גע־ביסן, געוואָרגן און געגנוג יידיש בלוט אין מיין לעבן אויסגעזויגן...

על חטא שחטאתי ביראת שמים. — אלע פאלשקייטן מיינע האָב איך אריינגעלייגט אין דער יראה. עס פלעגט עפּעס אויסקו־

מען, אז אַלצדינג, וואָס איך טו, איז נאָר לשם־שמים, איך נעם מיך אָן גאָטס קריוודע, און וויל פאַרהיטן זײַנע ייִדן, זיי זאָלן בלײַבן טאַקע דאָס, וואָס זיי זענען. און ווײַל פאַר מיר מיט מײַן כּגופיא איז גלײַכער געווען, אַז ייִדן זאָלן בלײַבן נאַראָנים, דערשלאָגענע מענטשן, דעריבער קאָנט איך דאָך שוין פאַרשטיין, ווי מיר האָט נישט געשמעקט יענע קלוגע זאַכן, וואָס וואָלטן זיי געקאָנט עפענען די אויגן; ווי שטאַרק איך האָב, כּלומרשט פון גאָטס־וועגן, מיך נאַריש געמאַכט, און זיך אָפּגעגעבן מיט אַלע קרעפטן די מינדסטע נאַרישקייטן צו דערהאַלטן; ווי ווײַט פאַלש איך בין געווען און וואָס פאַר אַ מין טעם מײַן יראת־שמים האָט געהאַט. איז אַמאָל אָנגעקומען עפּעס אַ גוטע זאַך אויף ייִדן, האָב איך עס גערופן אַ גזירה און אָנגעווענדט אַלע מיטלען אײַנצײַנעם מיט מײַנע לײַט די דאָזיקע גזירה מבטל צו זײַן. ייִדישע קינדער, אַשטייגער, זאָלן זיך לערנען שרײַבן, רע־כענען, בכדי צו פאַרדינען דערנאָך זייער ברויט בכּבוד — דאָס האָט בײַ אונדז געהייסן אַ גזירה. ייִדן זאָלן גיין שיין און נישט זײַן מער בזוי ומבוזה מיט יענע מיאוסע קליידער, וועלכע זייערע שונאים האָבן פאַרצײַטנס זיי געצוווּנגען זיך אָנטאָן, — האָט ווײַטער געהייסן אַ גזירה. טאָמער איז דאָ אַ סברה, אַז די טאַקסע זאָל בטל ווערן, — האָט אויך געהייסן אַ גזירה... דערווײַל האָבן מיר צו די גזירות נישט דערלייגט, פאַרקערט, פיל האָבן דערפון געמאַכט אַ פּרנסה און לעבן זיך דאָרט ערגעץ... גאַנץ שיין נאָך ביז אַצינד. מיר, פּושע־ישׂראל, מיר, אַשטייגער, איז פון לאַפּנמיצ־לער און יאַרמעלקעס נישקשה געגנוג געלט אין קעשענע אַראָפּגעפאַלן.

ועל חטא שחטאתי בכּגופיה ובכל־ולך, בלשון־הרע, במאַניפּאַרנעס ובמסירות, בנצחונות, בסוף־שחור ובסוד־סודות, בעזות, בפּאַקטרעווען, בצביעות ובציגײַנעריש; בקאָמעדיעס, בקהל־שטיבל ובקאַנטאָרן, ברכילות וברשעות; בשטותים, בשקרים, בשתדלנות, ובשווינדל; בתנועות ובתקיפות. דער פּירוש פון די דאָזיקע אַלע זאַכן ליגט פון אויבנאויף, און איך פאַרשפּאָר עס אײַך גאָר צו דערקלערן.

כה

אויבן האָב איך געזאָגט, אַז בטבע בין איך נישט געווען קיין נאַר, קיין שוטה, איך בין נאָר געווען אַ דערשלאָגענער, אַ פאַרוואָגלטער, אַזוי מוז איך אַצינד באַמערקן, אַז כּפי עס זעט אויס, בין איך, אַפּנים, פון דער נאַטור אויך נישט געווען אַזוי גראָב, שלעכט, נישט מער — איך

בין געווען פארפירט. די גרויסע צרות, וואָס איך בין אמאָל אויסגעשטאַ־
נען פון דער וועלט, און אויך „איסרס תורות האָבן מיר פארשטאָפּט דאָס
האַרץ און מיך געמאַכט שלעכט. נאָכן אָפּטאָן א שרעקלעכע מעשה־רע
פלעגט אין מיר אמאָל דורכלויפן עפּעס נישט קיין אָנגענעם געפיל, וואָס
פלעגט מיך אויף א רגע א שטאָך טאָן ווי א שפּילקע, אָבער נאָר אויף
א רגע און באַלד טאַקע אויפהערן. אָט האָט איר, אשטייגער, גוטמאַנען!
אזא בראַווער אָרנטלעכער מאַן מיט א גוט האַרץ ווי גוטמאַן, וואָס האָט
מיך אזוי פריינדלעך באַהאַנדלט, אים, הערט א מעשה, אים און אַלע אַנ־
דערע זיין גלייכן האָב איך געוויינט ווי אַן עיפּוש! איז מיר צו די הענט
געקומען אַזעלכע ווי ער מיט ביכלעך, האָב איך אים אָפּגעטאָן שפּיצלער,
ווי דעם ערגסטן שונא. ס'איז פון מיין זייט געווען טאַקע א מעשה־רע,
איך האָב עס אמאָל אויך טאַקע געפילט, נאָר פיינט האָבן אזעלכע האָב איך
געמוזט, אַנדערש האָב איך נישט געקאָנט.

„יענע לייט, וואָס מאַכן ביכלעך, א, נישט געדאַכט ווערן זאָלן זיי!
האַסן זאָל מען זיי, היטן זיך ווי פאַר פייער זאָל מען פאַר זיי! אריינ־
צוקריכן יענעם אין דער גרגרת זענען זיי אויסן, אָנצוטאָן צרות מיט
זייערע באַשרייבעכטסן און שטעכווערטלעך. אַלץ אגיל ואשמח — - קיי־
לעכדיק און שפּיצעכדיק איז ביי זיי. א נס, וואָס דער אייזל האָט קיין הער־
נער נישט, וואָס אַזעלכע אָנשיקעניש האָבן נישט קיין געלט, קיין גראָשן
ביי דער נשמה, און זענען, געלייבט דער אייבערשטער, קבצנים, גרויסע
דלפנים. זיי באַדאַרפן פאַרט אָנקומען צו אונדזער גראָשן, זיסט וואָלט
געווען שלעכט! די איינציקע רפואה אקעגן די וואַנצן, זיי זאָלן נישט אזוי
בייסן, איז א גראָשן — פאַרשטאָפּן זיי דאָס מויל און אגב טאַקע אונטנ־
ארום זיי באַגראָבן", — אזוי האָט געזאָגט איסר וואַרגער!

און איסרס וואָרט איז ביי מיר געווען א תורה!

נאָר דאָס אַלצדינג איז געוועדט געווען פריער, אז דער יצר־הרע פון
געלט איז ביי מיר געווען זייער שטאַרק, איך האָב ווי א גאַמקע אַלץ גע־
זאַפּט־געזאַפּט, און די מורא פאַרן אָרעמקייט מיט אַלע זיינע צרות און
לייד איז מיר שטענדיק געשטאַנען פאַר די אויגן, וואָס זשע פאַר אַן אָרט
האָט געקאָנט ביי מיר אין האַרצן פאַרנעמען א גוט געפיל? העכסטנס איז
עס ווי א בליץ דורכגעלאָפן און באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן. שפּעטער
אָבער, אז איך האָב מיך איבערגעגעסן אָנגעזאַפּט, שוין געכאַפּט די זעט,
די מורא פאַרן אָרעמקייט איז שוין אוועק אין דער זייט, דער יצר־הרע
איז געוואָרן שוואַכער, — דענסטמאָל האָט זיך אין מיר גערירט דער
פאַרשלאָפענער יצר־טוב, איז ארויס פון א פאַרבאָרגן ווינקל טיף אין

מיין הארץ מיט א שטיקל מוסר, פריער געלאסן, שטיל, געצייילטע ווער־טער, און וואָס ווייטער־ווייטער האָט ער זיך צערעדט אויפהייבנדיק דאָס קול, אַלץ העכער און העכער, בייזער און בייזער. אומשטענדן אַזוינע, נישט קיין גוטע, מיט וועלכע איך בין אין די לעצטע יאָרן געפּרוווט גע־וואָרן, זענען געווען ווי בוימל אויפן פייער פון גיהנום, וואָס האָט גע־ברענט אין מיר.

דאָס ווייב, זאָגט מען, איז דאָס הויז. ווי דאָס ווייב, הייסט עס, אַזא פּנים האָט דאָס הויז. און ווי איך האָב אַרויסגעזען, איז דאָס טאַקע אמת. מילא פון מיין ווייב וויל איך דאָ נישט רעדן. איך בין איר מוחל... די רייד איז דאָ פון מיין הויז. מיין הויז, זאָג איך, האָט קיין פּנים נישט געהאַט, איז געווען פאַרלאָזט. ראַכט זיך, נגידיש מעבל, צאַצקעלעך, צי־רונג; נאָר דאָס אַלצדינג — אומריין, שמוציק, מיאוס דערויף צו קוקן, א פּנים ווי א שוואַרץ־יאָר. עס האָט דאָרט געהערשט א מרה־שחורה, געשמעקט מיט חורבה, אינגאַנצן נישט ווי א הויז באַדאַרף זיין. אין די יונגע יאָרן, אַז איך בין געווען מיט לייב־און־לעבן אַריינגעטאָן אין דעם קערבל, תמיד הו־הא, פלעג איך מיך נישט־וויסנדיק מאַכן — מילא, עט, גאָרנישט! און אַז מיר האָט זיך געוואָלט אַמאָל אביסל לעבן, אָנטאָן זיך תענוג, פלעג איך עס זוכן אין דער פרעמד. אויף דער עלטער אָבער, אַז עס ווילט זיך האָבן רו, זיצן אַמאָל צווישן היימישע, ביי זיך אין שטוב, האָב איך שטאַרק געפילט די עלנטקייט, דאָס אומגליק מיינס, אַז איך האָב נישט קיין היים און דאָס האָט געפירט דערצו, אַז מיר איז נישט ניחא געוואָרן דאָס לעבן. באַטראַכטנדיק מיינע אַלע מעשים אַרום און אַרום, האָב איך שטאַרק באַרויערט, אַלץ געזאָגט: רבונו־של־עולם, אי, האָב איך געזינדיקט! און אַלץ מיך געפרעגט: צוואָס, געוואַלד, האָט עס מיר געטויגט, אָט די גאַנצע מי, די אַלע זאַכן מיינע? צוואָס די רייכקייט, פאַר וועמען?... צווייי קינדער מיינע, שוואַכע, קרענקלעכע, זענען מיר אויך נישט לאַנג געשטאָרבן, דאָס האָט מיר געבראָכן דאָס הארץ. און דער־שלאָגן, ווי פון א דונער, האָב איך מיט א ביטער געמיט אַלץ געפרעגט דאָס איינענע טאַקע: צוואָס איז די רייכקייט, אַז איך בין אַזוי עלנט, אַז איך האָב נישט קיין דאָס... קיין הויז, קיין היים, מיין איך? אי, רבונו־של־עולם, איך האָב אַזוי פיל געזינדיקט — געוואַלד, צוליב וועמען?!

אָט דענסטמאָל פלעגט מיר אַלץ זיך פאָרשטעלן דער גוטער און שטילער גוטמאַן. ווי פריינדלעך, ווי צוגעלאָזט ער איז צו אַלע מענטשן געווען. ער איז געווען, געבער, אַן אָרעמאַן, נאָר ווי געלויכטן, געפינקלט האָט אין אימלעכס ווינקעלע ביי אים אין שטוב! וויפל פאַרגעניגן האָט

ער געקליבן פון זיין שיינער טייערער ווייב, א גילדענע באַלעבאָסטע, און
פון זיינע גוטע, געלערנטע קינדער, וואָס האָבן אים הערצלעך געשעצט
און געליבט! ער האָט געליטן דחקות, פונדעסטוועגן — ווי לוסטיק און
צופרידן ער איז תמיד געווען...

אמאָל, געדענק איך, האָט זיין ווייב, געבעך, זייער געוויינט. ס׳איז
שוין געווען נאָענט צו פסח, אינגאנצן עטלעכע טעג, און דאָ איז נאָך נישט
געווען אין שטוב קיין סימן אויף יום־טוב. ער האָט זיך ארומגעשיקט א
גאנצן טאָג מיט ביכלעך, נאָר קיינער האָט זיי אין די הענט אפילו נישט
געוואָלט נעמען. איטלעכער, צו וועמען איך האָב אָפּגעטראָגן קוויטלעך,
האָט שטארק פארדרייט די נאָז און מיר נישט געענטפערט קיין גוט וואָרט.
די מאדאם, די גוטע טייערע מאדאם, זיין געטרייע ווייב, וואָס האָט אים
שטארק ליב געהאט, האָט געבעך געוויינט און איז געווען זייער פארומערט.

— אך — האָט גוטמאן זיך אָנגערופן און זי געטרייסט — זינדיק,
כ׳לעבן, נישט, נשמה מיינע, מיט דיינע טרערן! אונדז איז נאָך בעסער ווי
אנדערע, רייכע דורך שווינדל, וואָס מאכן יום־טוב פון נישט־כשר פאר־
דינטע געלט. מיר האָבן חלילה ביי קיינעם נישט צוגענומען, קיינעם קיין
שלעכטס נישט געטאָן. מיר ליידן?... נאָר פאר דעם אמת צו ליידן איז
פיל בעסער און שענער ווי פון דעם שקר גליקלעך צו זיין. זאָרג נישט,
מיין לעבן, זאָרג, כ׳לעבן, נישט! גאָט האָט געהאָלפן, גאָט וועט ווייטער
העלפן. א ברירה וועט ער דען האָבן? מסתמא וועט ער דאָך מוזן ווי
ס׳איז עפעס ארויסהעלפן. וואָס נוצט מיר באמת צוויי רעק מיט א פעלץ?
טראָגן טראָגט מען דאָך נאָר איין ראָק, נישט קיין צוויי, און דער פעלץ
איז, כ׳לעבן, אויך איבעריק, עס גייט דאָך צו זומער, ליגנדיק אין קאסטן
קאָן אים נאָך דער מאָיל אויפעסן. אָט, כ׳לעבן, אבראם, פויל זיך נישט,
נעם טאקע באלד דעם פעלץ מיט מיין ראָק און גיי פארזעץ זיי, פארקויף
זיי, טו מיט זיי, וואָס דו ווילסט, וועלן מיר האָבן מצה אויף פסח, כרפס
און מרור מיט אלע זיבן זאכן.

די דאָזיקע סצענע האָט מיר תמיד זיך פאַרגעשטעלט פאר מיינע
אויגן. איך האָב געזען, אז גוטמאן איז גליקלעך געווען אָן געלט. איז דאָך,
אפנים, געדרונגען, אז דאָס גליק באשטייט נישט אין געלט, נאָר אין עפעס
אנדערש — אז נאָר ערלעכע לייט זענען גליקלעך און צופרידן. דערביי
איז מיר נאָך ארויף אויף דעם זינען, וואָס ער האָט אמאָל געזאָגט יאַ־
קאָבזאָנען: „ליידן הייסט חנפענען, צבועטשען. דער חונף, דער צבועק מוז
תמיד זאָ זיך פירכטען, תמיד זיך היטן, אזוי ווי דער גנב". איצט ערשט
האָב איך אָנגעהויבן באשיימפערלעך ארויסצוזען, ווי אמת, ווי ריכטיק

זייגע ווערטער זענען. גוטמאַן האָט נאָר מיט דעם שכל זיינעם פאַרשטאַ־
נען, אַז דעם חונף, דעם צבועק איז אַזוי שלעכט, ווי דעם גנב, וואָרעם
זיי אַלע מוזן שטענדיק מורא האָבן, זיך היטן, מע זאָל זיי נישט דער־
טאַפּן, מע זאָל נישט דערגיין זייערע מיאוסע זאַכן — און צו זיין שטענ־
דיק אין דער מורא, צו באַדאַרפן שטענדיק זיך באַהאַלטן, איז עפּעס נישט
אַזאַ געשמאַקע זאַך. איך אָבער האָב דאָס אייגענע טאַקע געפילט ביי מיר
אין האַרץ, געפילט, אַז אַ פאַלשן מענטשן איז עפּעס גלאַט שלעכט נאָר
אָן אַלע טעמים, עפּעס מאָנטעט עס אים, עפּעס ליגט אים, ווי אַ שטיין,
אויף דעם האַרצן, עפּעס קאָכט אין אים דאָס בלוט, דער קאָפּ ווערט אים
שיעור נישט צעזעצט, עס ברענט אין אים אַ גיהנום, אַ העליש פייער,
עפּעס איז אים ענג די וועלט און ער ווייסט נישט זיך וווהין צו טאָן. ער
וואָלט געשפּרונגען אויס דער הויט און גערן געווען פון זיך אַליין צו אַנט־
לויפן ערגעץ, ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, העט־ווייט־ווייט צו אַלדי
שוואַרצע יאָר.

איך פלעג אויך האָבן בייזע, ביטערע חלומות. עס פלעגט מיר זיך
אויסדאַכטן, אַז איך האַלט אַ חלף און קוילע. איך פלעג הערן קרעכצן,
זיפצן, כאָרכלען, גוססן און מיינע פאָלעס זענען געווען פאַרשלומפּערט
אין בלוט. מיכל, דער גוטער, דער שטילער מיכל, פלעגט מיר אָפט זיך
דרייען פאַר די אויגן, טויט־בלאַס ווי די וואַנט. ער פלעגט אויף מיר קוקן
זייער באַטריבט, מיר ווייזן אויף די קייטן, אין וועלכע ער איז געווען גע־
פענגטעט, און מיט אַ טרויעריק פּנים מיך אַלץ פרעגן: געוואַלד, יצחק־
אברהם, וואָס האָב איך דיר געטאָן?...

די אַלטע און שיינדעלע פלעגן אויסוואַקסן, ווי פון אונטער דער ערד,
ביידע פלעגן הוסטן, זיך פאַרקייכן; ביידע פלעגן זיך אייגעסן אין מיר
מיט רויטע ברענענדיקע אויגן און שרייען: אָט איז אונדזער מלאך־המות!
אָט איז ער, דער רוצח, דער קוילער! פּלוצעם פלעגט פון זיי ווערן אַ
הויפן בייגער, פון די ביינער פלעגן אַרויסקריכן ווערעם און גיפטיקע
שלאַנגען, זיך לאָזן צו מיר מיט אָפענע מיילער און מיך בייסן, שטעכן,
ווי מיט שפּילקעס...

מער פון אַלע פלעגט מיך קרענקען גאָלדע. זי פלעגט מיר זיך אויס־
דאַכטן, ווי זי זיצט דערשלאָגן, פאַרוויסט, פאַרומערט מיט עפּעס אַ
שטיקל אַרבעט אין די הענט. זי נעמט און צעשטעכט זיך די פינגער,
נאָר זי פילט אָבער נישט, גיט זיך אפילו נישט קיין קרים, זי נייט אַלץ
ווייטער, ווי אַ מאַשין, און שאָקלט, וויגט מיטן פוס אַ שווערע סקריפּענ־
דיקע וויג, צוזינגענדיק דערביי „אַליו־לו־ליו־ליונין“ אויף אַ משונה או־

מעמיק קול. די וויג אָבער איז ליידיק, קיינער איז אין איר נישטאָ. „גאָלדע! — שריי איך, — וווּ איז ער? וווּ איז דאָס קינד?“ גאָלדע וויגט און זינגט ווייטער נישט צו רעדן מיט מיר קיין וואָרט:

א ליו־ליוליו בידנע קינד,
ווי איז דער מאמע, ווי און ווינד!
אינעווייניק אין וויגעלע
ליגט א קלאָר ווייס ציגעלע —
ציגעלע מע! ציגעלע מע!

גיט זשע שריי, גיט זשע וויין,
ביסט דאָך עלנט ווי א שטיין —
ציגעלע מע! ציגעלע מע!

ווייסט און פינצטער איז דיין וועלט,
לייד זשע שטיל הונגער און קעלט —
ציגעלע מע! ציגעלע מע!

דאָרט אינדרויסן, הער נאָר, הער,
וואָיעט א וואָלף, ברומט א בער —
ציגעלע מע! ציגעלע מע!

ליידיק, ליידיק איז דאָס וויגעלע,
אוי, נישטאָ מיין קלאָר ווייס ציגעלע!
א ליו־ליו־ליו בידנע קינד —
ווי איז דער מאמע, ווי און ווינד!

ביי די דאָזיקע ווערטער שטייט גאָלדע אויף, בלוטיקע טרערן טריפן איר פון די אויגן, זי שטרעקט אויס די הענט אין אלע זייטן און שרייט אויף א ווילד קול: אוי, נישטאָ מיין קלאָר ווייס ציגעלע! איך לויף ארויס פונעם שטוב שטארק צעקאָכט, עס דאכט זיך מיר וועלף, בערן!... וועלף, בערן קנאקן מיט די ציין יונגע ביינדעלעך — און עס לאָזן זיך הערן פונ־דערווייטנס ביטערע קולות פון א בידנע אומגליקלעך ציגעלע...

## כו

דאגה בלב־איש, איז א מענטשנס האַרץ פול מיט צרות — זאָגט דער פסוק — ישחנה, זאָל ער ארויסדערציילן. טראָגן אין זיך צרות, נישט ארויסזאָגן זיי, איז א ווייטעק, וואָס נישט צו דערהאַלטן. א קעסל

פון אייזן, א קאָבנדיקס, קאָן צעזעצט ווערן, אויב די צונויפשטיקנדיקע פּאַרע אין אים געפינט נישט קיין אָרט אויף אַרויסצוגיין. ביי מיר אין האַרץ האָט געקאָכט שטאַרקער ווי א קעסל — עס האָט דאָרט געבּרענט א גיהנום!... אַלטע חשבונות פון מיינע זינדיקע מעשים, ביטערע געפילן און שרעקלעכע פינצטערע חלומות אַלע איניינעם, ווי געדיכטע פלאַמענ־דיקע זיילן פון פייערשפּייענדיקע בערג, האָבן אין מיר זיך געריסן, גאָר אומצוקומען. פיל בעסער פאַר דעם זינדיקן מענטשן זיין אין גיהנום, ווי דער גיהנום זאָל זיין אין אים.

דענסטמאָל ערשט האָב איך אַרויסגעזען, אז דער מענטש טראָגט זיין גיהנום און זיין גן־עדן אין זיך. דער שופט זיינער זיצט אויפן געריכט־שטול אינעווייניק אין אים. אוי, איך זאָל געווען קאָנען אויסגיסן מיין האַרץ, לינדערן אביסל מיינע ווייטעקן. איך האָב אָבער נישט געהאַט פאַר וועמען. גאָלד און זילבער האָב איך דערוואָרבן אויף דער וועלט א סך, אָבער גוטע פריינד — נישט איינעם.

פאַר א גרויסן חסד פונעם אייבערשטן האַלט איך עס, וואָס ער האָט מיר אייַנגעגעבן אין זינען אַרויסצוזאָגן זיך, ווען נישט דורך דעם מויל, זאָל עס זיין דורך דער פען.

דער גאָט, וואָס האָט אָנגעוויזן א בוים אויף זיס צו מאַכן דערמיט דאָס ביטערע וואַסער אין מרה, ער האָט עס מיר אָנגעוויזן אויף צו לינ־דערן מיינע יסורים — די פען.

אין שווערע, ביטערע מינוטן, ווען אויפן האַרצן איז מיר געווען שטאַרק נישט גוט, פלעג איך אויפן פּאַפּיר אויסגיסן מיין ביטער געמיט, ווי איך האָב געקאָנט. פריער איז עס מיר אָנגעקומען שווערלעך, איך בין נישט געווען געוויינט, דערנאָך האָט זיך עס געגאָסן עפּעס ווי פון זיך אליין, גלייך ווי איך וואָלט איינעם א גוטן ברודער מיינעם דערציילט, אים אַנטפּלעקט מיין האַרץ. אין פאַרלויף פון דער צייט איז אויסגעוואַקסן פאַר מיר א גאַנצע לעבנס־באַשרייבונג — און, הערט א מעשה, ביים אי־בערלייענען עס פונעם אָנהייב ביזן סוף איז מיר א ביסל גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן! די חטאים זענען מיר שוין נישט אויסגעקומען אזעלכע שווערע, דאָס הייסט די חטאת־היחיד, מיינע זינד, זענען נישט אינגאַנצן מיינע אייגענע זינד, נאָר אויך חטאת־הציבור, אין זיי האָט א חלק — און אפשר גאָר דעם גרעסטן חלק — די געמיינדע, מיט אירע שלעכטע איינפירונגען.

אָט געמט די יידישע תלמוד־תורות!

מע נעמט אָרעמע קינדער, יתומים, נעבעך, און פּאַרטרייבט זיי ערגעץ אין א חורבה, א שטאַל, מישטיינס=געזאָגט, ווו זיי וואַלגערן זיך הונגעריקע, אָפּגעריסענע אין מיסט, אין שמוץ, כאַפּן קלעפּ און שמייץ וויפיל אין זיי גייט אריין, און לערנען — לערנען זיי דאָרט נישט קיין וואָרט. מע מאַכט פון זיי ליידיקע, אומגליקלעכע מענטשן, טויגעניכטסן, נישט צו גאָט, נישט צו לייטן. — און נישט בעסער פון די ווילדע מלמדים זענען אויך, מישטיינס=געזאָגט, די גבאים, וואָס טרייסלען פּוש=קעס, רייסן פּינוואַנגען זיי קאָנען, כלומרשט פון יידישע קינדער וועגן. איין וואָרט איז ביי זיי אלץ: מאַכן די אָרעמינקע פאר יידן — און מאַכן זיי פאר בהמות, אויס מענטשן!...

א קליינינקייט עפּעס בין איך, איך עלנט יתומל, אויסגעשטאַנען קינדהייט אין דער תלמוד=תורה! איך דער שוין נישט דערפון, ווי מע האָט געפּייניקט מיין אויסגעדיייוועט שטיקל לייב, דערויף בין איך דאָך געווען אָרעם, אז איך זאָל ליידן הונגער, קעלט און קלעפּ, אָבער געוואַלד, רבונו=של=עולם, וואָס האָט מען געהאַט צו מיין נשמה? מע האָט דאָך דערנידעריקט אין מיר די מענטשלעכע נשמה. נישט גענוג, וואָס מע האָט מיך נישט געלערנט צו קאָנען לעבן, ווי א מענטש, אויף דער וועלט, האָט מען געטייט אין מיר דאָס געפיל פון כבוד, פונעם מענטש=לעכן ווערט דורך א גראָבער באַנעמונג מיט מיר — דורך זידלערייען, מיאוסע, גראָבע ווערטער.

אָט דאָס איז די תורה, דאָס יידישקייט, מיט וועלכע יידן בעלי=רחמימס פאַרזאָרגן אָרעמע קינדער!

נאָט אייך אויך ביי אונדז די מלאָכה, א שפּייגער.

מלאכה, ווי ס'איז באַקאַנט, איז מיאוס געפאַלן ביי יידן. אויף אזוי פיל ווי א ליידיקגייער, א קלויזניק, איז א שיינדל, איז א באַלמעלאָכע א פלעק אין דער משפחה. דער, וואָס האַלט זיך פאר א שטיקל באַלע=באָס, ער מעג זיך כאָטש געשוועלן פאר הונגער, וויל נישט די קינדער זיינע לערנען וועלכע=ס'איז מלאכה. דערויף זענען דאָ פאַרוואָרלאָזטע יתו=מים, קינדער פון נידעריקן, גראָבן עולם. אָט אזעלכע שטעלן זיך עס פאר לערנייינגלעך ביי באַלמעלאָכעס, און וועמענס דאגה איז עס אכטונג צו געבן, ווי זיי לערנען זיך און ווי מע באַגייט זיך מיט זיי דאָרט. די מלאכה הייבט זיך געוויינטלעך אָן מיט כל=עבודת=פּרך: פּאָמייניצעס טראָגן, וואַסער אָנטראָגן, מיט דעם באַלעבאָס קינדערלעך זיך ארומ=טראָגן, דער באַלעבאָסטע ביים איינקויפן אלצדינג צוטראָגן, שטיקלעך ארבעט אהין=אהער אָפּטראָגן, מיט דער באַלעבאָטישקייט שטענדיק זיין

פארטראָגן, און אימלעכנס קאפריז, קלעפּ און באליידיקונג איבערצוטראָ־
גן. א צונאָב דערצו איז אָנהערן זיך צווישן פּועלים מיאוסע ניבול־פּה,
מעשיות פון ליבעס אזויגע און אזויגע, וואָס טאָמער איז נאָך אין דיר
איבערגעבליבן א פונק מענטשלעכקייט, לעשן זיי עס אויס אינגאנצן. אָט
דערמיט הייבט זיך אָן די מלאכה און אויסלאָזן לאָזט זי זיך אויס מיט
גאָרנישט — מען איז א פארטאטש, אבי־אָט, הייסט עס, מען ארבעט.

שולדיק מאכן אינגאנצן די באלמעלאָכעס קאָן מען אויך נישט. זיי
אליין זענען דאָך אויך אזוי, געבער, פארשווארצט געוואָרן, האָבן, ווי איך
און ווי טויזנטער אנדערע אָרעמע קינדער, אויך אָנגעהויבן די ארבעט פון
טראָגן פאמייניצעס וכדומה ווייטער און ווייטער אזויגע זאכן. אצינד
ערשט קלינגען מיר טרויעריק אין די אויערן דעם שוסטערס לידל, מיט
וועלכן ער פלעגט מיר אויף שפּאס צושפּילן בשעת ארויסטראָגן ביי אים
א פאמייניצע: „תן כבוד לאיציגיו! טראָג, טראָג איציק־אברהמעניו! אין
דיינע יאָרן האָב איך גענוג פאמייניצעס איבערגעטראָגן!".

רבונו־של־עולם, איך בין זינדיק, נאָר די זינד פאלט נישט אויף מיר
אינגאנצן. איך דאנק דיר, וואָס דו האָסט מיר געעפנט די אויגן!

דו האָסט מיר געעפנט די אויגן, רבונו־של־עולם, נישט אומזיסט.
איך וויל טאָן אזוינס צו פארהיטן דערמיט אנדערע פון בייז און צוגלייך
וויזן יידן א וועג צו פארריכטן זייערע פעלערן, וואָס זיי זענען באגאנגען
ביז אהער אקעגן אָרעמינקע קינדערלעך, געבער.

לויט דער צוואה מיינער, פון וועלכער איך שיק אייך דאָ אריין,
רבי, א קאָפּיע, לאָז איך איבער דאָס גרויסע הויז מיינס אויף צו מאכן
דאָרט פאר אָרעמע קינדער א תלמוד־תורה און אויך א שול, צו לערנען
זיי דאָרט מלאכות. די הכנסות פון די קלייטן דאָרט און א טייל פּראָ־
צענט פונעם קאפּיטאל, וואָס איך לאָז איבער אויף עולמות, זאָלן גיין
אויף אויסצוהאלטן די ביידע שולן. אין דער תלמוד־תורה, וויל איך, זאָל
געלערנט ווערן, חוץ יידישקייט און לשון־קודש, אויך דאָס לשון פונעם
לאנד און וועלטלעכע זאכן, בכדי צו מאכן פון די קינדער יידן און מענ־
טשן צוגלייך, זיי זאָלן טויגן צו גאָט און צו לייט. אין דער צווייטער שול,
וויל איך, זאָל געלערנט ווערן תורה און מלאכה אינאיינעם, די לערנייינג־
לער זאָלן דערצויגן ווערן אזוי, אז זיי זאָלן נישט וויסן פון קיין חרפּות,
באליידיקונגען און דערנידערונגען, און זאָלן ארויסגיין פון דאָרט גוטע
געלערנטע באלמעלאָכעס, וואָס וועלן וויסן אליין זייער אייגענעם ווערט
און דערמיט טאקע צווינגען אנדערע זיי צו שעצן, וויסן זייער ווערט.

און כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ווונטש, זענען אין די דאָזיקע שולן נייטיק צו האָבן גוטע לערער, מענטשן מיט געפיל און פאַרשטאַנד, מיט האַרץ און מיט קאָפּ, זיי זאָלן פאַרשטיין און ליב האָבן זייער זאַך. דער עיקר איז ליבע, ווייל זיי וועלן דאָך האָבן צו טאָן מיט אָרעמינקע, פאַרוואָגלטע, עלנטע קינדער, וואָס לעבן נאָך ליבשאַפט, אַזיינס, וואָס א יונג, הערצל, אפילו פון אַנדערע לעבעדיקע באַשעפעניש, גלוסט זיך, און זיי מאַנגלט עס געבער. יענעמס א גוט וואָרט נעמט זיי בעסער פון אַלע שטראָף-רייד און מוסר-זאָגן אין דער וועלט און זענען גרייט צו פאָלגן אין פייער און אין וואַסער אריין. דאָס האָב איך געפילט אמאָל קינדווייז אין מיר.

דאָס אַלצדינג אָבער פאָדערט גוטע פירער, וואָס אונטער זייער השגחה זאָלן די אַלע זאַכן אויף דעם בעסטן אופן דערפילט ווערן, און אַזעלכע פירער, ווינטש איך, זאָלן זיין איר, רבי, און דער הער גוטמאַן. מיט אייך ביידע וועט אין די נייגעמאַכטע שולן זיך פאַראייניקן תורה מיט חכמה. איר, רבי, וועט קוקן אויף די יידישע לימודים, זיי זאָלן געלערנט ווערן גוט, געהעריק, און גוטמאַן, פון זיין זייט, זאָל האָבן אַן אויג אויף די איבעריקע ענינים אין השכלה-זאַכן. ווי איך קען זייער גוט אייך ביידן, פאַרהאָף איך, אַז איר וועט ביידע איינער פונעם אַנדערן צופרידן זיין. איר ביידע ווינטשט דאָך גוטס דעם פאָלק ישראל און איטלעכער פון אייך וועט טאָן פאַר אים פון זיין זייט וויאַזוי ער קאָן, און אים ברענגען נוצן מיט וואָס ער קאָן. די באַלוינונג פאַר אַזאַ מי איז באַשטימט ביי מיר אין דער צוואה.

די הכנסות פון דעם עולמות-געלט זאָלט איר איינטיילן מיט גוטמאַ-נען געבעריכן אויף באַד גוטע זאַכן אין שטאָט, וועלכע איר ביידע וועט געפינען פאַר נייטיק. אויב עס וואָלט א סברה געווען, איינצופירן אין דער שטאָט עפּעס א מין חדר פאַר א סך קינדער, מיט אמת גוטע מלמדים און לערער, וואָס דאָרט זאָל געלערנט ווערן געטריי יידישע לימודים און וועלטלעכע זאַכן; וואָס דאָרט זאָלן די קינדער זיך אויסלערנען צו זיין עכטע יידן און אויך נוצלעכע פאַרשטענדיקע מענטשן, — אויף אַזאַ מין שטאָט-חדר וואָלט מיר זייער ניחא געווען, איר זאָלט אַלע יאָר געבן א געוויסע סומע פון די הכנסות פונעם עולמות-געלט, נאָר בתנאי, אַז איר מיט גוטמאַנען זאָלט האָבן די השגחה איבער דעם דאָזיקן חדר.

איך ווייס, אַז אַזאַ מין שטאָט-חדר, וואָס זאָל געפירט ווערן דורך אַזעלכע מענטשן, ווי איר און גוטמאַן, וואָלט פאַר יידישע קינדער גע-ווען א גליק. נאָר איך ווייס אָבער צוריק, אַז ווייל מאַכע פאַר יידישע

קינדער וואָלט אזא חדר געווען א גליק, וועט עס א סך מיני מענטשעלעך כלל נישט שמעקן, זיי וועלן אקעגן דעם זיך ארויסשטעלן, זיי וועלן ארייג־לייגן זייער שמד־שטיק אין דער יראה, כלומרשט איז אזוינס עפעס נישט יידישלעך, און וועלן זוכן אלע מיני מיטל אז אזעלכעס נישט צוצו־לאָזן. פונדעסטוועגן, איר, רבי, זאָלט פון אייער זייט פרווון טאָן וועגן דעם אלצדינג, וואָס נאָר מעגלעך. אולי ירחם.

דאָס אָבער וואָס דורך מיר וועט געטאָן ווערן פאר אָרעמע קינדער דאָ, אין מיין שטאָט, איז נאָך נישט גענוג. איין שוועלבעלע קאָן קיין זו־מער נישט מאכן. מע באדארף באוועגן דערצו אנדערע, זיי זאָלן אויך אזוינס טאָן אין די אלע יידישע מקומות דאָרט. דעריבער פארלאַנג איך, אז מיין ווידוי מיט דער דאָזיקער צוואה מיינער זאָלן אָפּגעדרוקט ווערן, זיי זאָלן קלינגען אין די אויערן פון נגידים, פיינע־בריות, אומעטום צווי־שן דעם יידישן עולם. ווען אפילו די ווערטער מיינע וועלן נישט ווירקן אויף זיי, צו בעסערן זיך ביים לעבן, צו פארשטיין, ווי צו ארבעטן פאר זייערע אָרעמע ברידער, צו טאָן גוטס און ווי צו לעבן, וועלן זיי, לכל־הפחות, זיך אויסלערנען ווי צו שטארבן... וויפיל נגידים מיר איז אויסגע־קומען צו קענען אין מיין וועלטל, זענען ביז דער לעצטער מינוט זייערע געבליבן דאָס, וואָס זיי זענען געווען — געשטאָרבן ווי גאַראָנים. אָט לאָזן זיי הערן דעם ווידוי און די ווערטער מיינע און אויף מיר קוקנדיק, זיך אויסלערנען כאָטש שטארבן, אוועקגיין פון דער וועלט ווי מענטשן.

שטארבט, נגידים, שטארבט — שטארבט ווי מענטשן!...

נאָר „נגידי עירך קודמין", דאָס הייסט, ביז מיין ווידוי וועט אָנקו־מען אנדערע צו די אויערן, זאָלט איר דערוויל, רבי, פאר דער קבורה מיינער, עס פאָרלייענען די אלע אונדזערע היגע נגידים. מיר וועט עס זיין א כפרת־עון און זיי — א מוסר. נישקשה, לאָזן זיי וויסן!...

אויף מסדר צו זיין מיינע דאָזיקע פאפירן ווי געהעריק, אויסצובעס־סערן די גראָבע גרייזן מיינע דאָרט, צוצוגעבן אביסל פעפער, אביסל גע־וויריץ, עס זאָל לאָפּצען, עס זאָל א טעם האָבן, אָפּצודרוקן זיי אין באזונ־דערע ביכלעך און צו פארברייטן זיי דערנאָך אין דער וועלט — דערויף איז דאָך איין בריה טאקע רב מענדעלע מוכר־ספרים. איך געדענק אים נאָך פון צבועטשיץ, בשעת ער איז נאָך געווען א יונגערמאן, א באלע־בעסל. אים זאָלט איר עס איבערגעבן און ער וועט, אזוי פארהאָף איך, דערפילן מיין ווונטש ווי צום בעסטן. עס פארשטייט זיך, אז ער בא־דארף פאר זיין טרחה זייער שיין באלוינט ווערן.

## כז

אז דער רב האָט אָפּגעלייענט אײנגאנצן און אנידערגעלייגט די פּאַפּירן איז צווישן דעם עולם אין שטיבל געוואָרן א קאָסעניש. די נגידים זענען געווען שטארק אין כעס. א טייל האָבן געביסן פאר פארדרוס די ליפּן און געשוויגן. א טייל האָבן געזיפצט, געאָכט, געאייקעט.

— וואָס זיפצט איר אזוי, רב חנא! — האָט איין נגיד זיך אָנגערופן, און אליין אויך א זיפץ געטאָן.

— טא־טא־טא! — האָט רב חנא געמאכט, צושאָקלענדיק מיט דעם קאָפּ — עט, וווהין... וווהין ער איז פארקראָכן! היינט גיי, גלייב מענטשן... די וועלט איז שוין, כ'לעבן, קיין וועלט נישט... טאקע קיין וועלט נישט, אזא חרפּה! אזא־זא־זא... הא, וואָס? א שרעק, ווי איך בין א ייד!... עס קומט דאָך שוין היינט אוים טאקע, רב בעריש... נו, א מעשה, אזא מעשה!...

— איך האָב שוין אָבער פריער פארשטאנען — ענטפערט בעריש — וווהין די קויל פליט. אי־אי, בין איך א מבין, רב חנא... צוואָס האָבן מיר, נאראָנים, באדארפט זיצן ווי די פערד, זיצן, ווארטן ביז די קויל וועט אונדז טרעפן? האָב איך דען נישט געזאָגט: פּע, פּע... קומט! וואָס זשע, הא, זענט איר געבליבן, ביז אין סוף אריין הערן די אלע שטעכווערטלעך?... נאָר צוריקשמועסנדיק! בע... מילא וואָס?... ס'איז אביסל טאקע דאָס... פארהאָסיק, נאָר עט, נישקשה, רב חנא, מע האָט שוין אזעלכע זאכן געהערט. מילא, וואָס איז אזוי די מעשה?!... אוודאי, לכתחילה זענט איר אפשר א ביסל גערעכט, ס'איז טאקע אביסל דאָס... ווי הייסט מען דאָס?... נאָר בדיעבד איז — עט, גאָרנישט... א נאר בלייבט א נאר און די וועלט בלייבט א וועלט, טאקע ווי פריער א וועלט...

— ניין, ניין, רבי! — האָבן עטלעכע נגידים געשריגן שטארק אויפגעבראכט — אזעלכעס איז נאָך נישט דערהערט געוואָרן... ס'טייטש, מע זאָל נעמען מענטשן און זאָגן זיי אין די אויגן אריין אזעלכע מיני זאכעניש!... ס'טייטש, ס'טייטש, וואָס־הייסט? מאכן פון מענטשן, פון אונדז אלע מאכן, מחילה, דאָס... ווער האָט אים געבעטן אזוינס צו זאָגן?... אויף דיר אליין זאָג, שרייב, אָבער וואָס געהערט דיך אָן יענער? וואָס איז דיין עסק אריינקריכן צו יענעם... ניין, רבי! ס'איז א גרויס אומרעכט.

— נו, רב מענדעלע — מאכט דער רב צו מיר נאָכדעם, אז די נגידים זענען אוועקגעגאנגען — זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער איז עס אזוינס ביי אייך אין צבועטשיץ דער הער גוטמאן?

— פון צבועמשיץ, רבי, בין איך שוין לאנג ארויס. באלד ווי איך בין געוואָרן א מוכר־ספרים, בין איך מיט דעם הויזגעזינד מיינעם ארויס פון דאָרט קיין קאבצאנסק און איך בין היינט א קאבצאנסקער ייד!

— אָבער גוטמאנען קענט איר, רב מענדעלע?

— יאָ, רבי, איך געדענק אים זייער גוט — א דייטש מיט א גע־פוצט בערדל, אָבער זייער א גוטער, ערלעכער מאן. מע זאָגט: בעסער א ייד אָן א באָרד, ווי א באָרד אָן א יידן.

— בעט איך אייך זייער, רב מענדעלע, איר זאָלט מוחל זיין פאָרן קיין צבועמשיץ בלי־נדר מאקע מאָרגן, אָפגעבן דעם הערן גוטמאנען מיין בריוו און זען מאכן ווי איר קאָנט, אז ער זאָל, למען־השם, גיך קומען אהער, בכדי מיר זאָלן קאָנען באלד מאקע מקיים זיין צוואת־המת. און ווייטער בעט איך אייך, ליבהארצעדיקער רב מענדעלע, איר זאָלט נעמען אויף אייך אָפצודרוקן די אלע דאָזיקע פאפירן אין א סך ביכלעך, און אויסבראָנגען זיי בכל תפוצות ישראל פאר א וואָלוועלען מקח, בכדי דער עולם זאָל זיי מער קויפן. מכוח אייער באלוינונג איז נישטאָ וואָס צו רעדן, עס וועט אם־ירצה־השם, זיין רעכט.

* * *

צוריקקומענדיק צום בית־מדרש האָב איך געטראָפן מיין פערדל אין זייער א שלעכטער לאגע, געעבער. קונדסים, ווייסע חברה האָבן אים אויס־געריסן כמעט אלע סטרונעס, איבערלאָזנדיק אים נאָר אקעגן א פערציק האָר אין דעם וויידל. עסן האָט ער געהאט מכות. ער איז געשטאנען ערנסט, אראָפגעהאָנגען די אונטערשטע ליפ, געקוקט אין בײדל אויף די ספרים און געטראכט. וואָס א פערד טראכט קוקנדיק אויף ספרים — דאָס איז נישט פאר אונדזער מוח צו פארשטיין. איך וויים נישט מער, מיין שלימזלניק קוקט און טראכט, לאָז זיך זיין כאָטש פערדיש. אָבער אלץ א קוק איז דאָך עס פאָרט... נישט דאָס בין איך אויס.

נו, חכם מיינער! — רוף איך מיך אָן, אָנגעמענדיק אים, דעם שלי־מזלניק מיינעם, ביי דער פאה, די טשאָפרינגע הייסט עס — דיר קומט היינט א סך האָבער. דו האָסט מאקע געטאָן א גרויסע חכמה, וואָס דו האָסט מיך געפירט קיין גלופסק. מיט דיין חכמה האָסטו געבראכט נוצן אי מיר, אי דער ליטעראטור. דו ווייסט, פערדל, וואָס אזוינס דו האָסט געטאָן? וואָס פאר א שיינעם חיבור מיר איז אצינד באשערט דער וועלט

ארויסצוגעבן, נאָר צוליב דיר טאקע, צוליב דיין מוח, וואָס האָט גראָד א נעם געטאָן גלופּסק? פון היינט אָן פיר דו מיך, פערדל, דו חכם מיי־נער, איך לאָז אָפּ די לייצן און לייג פאר דיר אוועק די בייטש!...

אויף מאָרגן האָב איך מיך גרייט געמאכט מיט אלע נייטיקע זאכן און מיך געריירט אין וועג אריין.

אין צבועטשיין קומענדיק האָב איך מיך דערוווסט, אז גוטמאן איז ארויסגעפאָרן פון דאָרט, נישט צו וויסן, ווו ערגעץ ער געפינט זיך היינט. איך האָב מיך גענומען צו מיינס און געאיילט גיכער אָפּצודריקן דעם דאָזיקן ספר, נישט געשפּאָרט מי, ער זאָל ארויסקומען, ווי מע זאָגט, „אָגיל ואשמח" — קיילעכדיק און שפּיצעכדיק... איך טו נאָך אויך דאָס און דרוק דאָ:

## א מודעה!

רבותי! ווער פון אייך ווייסט, ווו ערגעץ געפינט זיך הער גוטמאן, אָדער ער וועט זיך מיט אים ערגעץ באגעגענען, זאָל מוחל זיין מיט אים צו רעדן, אז ער זאָל למען־השם ולמען־השם תיכף טאקע קומען קיין גלופּסק, ווו דער רב קוקט אויף אים ארויס, ער זאָל איינייגעם מיט אים איינפירן א בארימטע תלמוד־תורה מיט א שול פאר באלמעלאָכעס און מתקן זיין דאָרט א סך אנדערע גוטע זאכן.

ישראל בני־רחמנים, האָט רחמנות און טוט עס צוליב אָרעמע יידי־שע קינדער!...

# דערקלערונגען

## צום „קליינעם מענטשעלע"

### א

תקיף (טאקעף) — אזא וואָס האלט זיך שטארק אנטקעגן דער געזעלשאפט; אזא וואָס קאָן אַלץ אויספירן מיט קויעך און מוטו וואָס ער וויל.

מוחל (מויכל) זיין — אנטשולדיקן.

מוכר־ספרים (מויכער ספאָרים) — ביכער פארקויפער.

תרט"ו (טאַרטאַוו) — דאָס יאָר 5615 לויט דער יידישער צייט־רעכענונג. לויט דער אייראָפעישער — 1855.

בהמות (בעהיימעס).

תבואה (טוווע).

לוח (לועך) — קאלענדאר.

עצה (אייצע).

טעמים (טײַמים) — סיבעס, גרונדן, מאָטיוון.

חילוף (כילעף) — א בייט.

חנוכה (כאנוקע).

מהמת (מאכמעס) — צוליב דעם, דערפאר, ווייל.

רבותי (ראבויסיי) — א ווענדונגס־פאָרם צו אן אוילעם, אשטייגער ווי: „מיינע הערן".

מסופק (מעסופעק) — נישט זיכער, אין צווייפל.

גורלות (גויראָלעס) — מערצאָל פון גוירל — דאָ געמיינט: צייכנס פון באשערטקייט.

סימנים (סימאָנים) — א צייכן.

סוחרים (סאָכרים).

**בית-מדרש** (בעסמעדרעש) — שול צום דאווענען און לערנען.

**שלום-עליכם** (שאָלעם־אַלייכעם) — דאָ געמיינט: דאָס געבן די האַנט ביים באַגריסן זיך.

**שאלות** (שיילעס) — פראַגעס.

**ווייסע חברה** (כעוורע) — קינדער־שטיפערס.

**תלמוד-תורה** (טאַלמעד־טוירע) — אַזאַ כיידער, רעליגיעזע שול פאַר אָרעמע קינדער.

**מקבל-פנים** (מעקאַבל־פּאָנעם) **זיין** — באַגריסן, אויפנעמען.

**מכין** (מייכן) **געווען זיך** — געגרייט זיך.

**חגא** (כאָגע) — באַצייכענונג פון אַ נישט יידישן יאָנטעוו.

**נשמה** (נעשאָמע).

**פרנסה** (פּאַרנאָסע).

**חלק** (כיילעק) — אַ טייל.

**יחדיו** (יאַכדאָוו) — אינאיינעם.

**ברוך דיין אמת** (באָרעך דאַיען עמעס) — אַזוי פלעגט מען זיך אויסדרוקן, ווען מע פלעגט רעדן וועגן דעם, אַז עמעצער איז געשטאָרבן.

**ארבעים** (אַרבאָים) — פערציק.

**חמישים** (כאַמישים) — פופציק.

**כפרה** (קאַפּאָרע) — אַן אויסלייז, אַן אויסקויף פאַר עמעצן.

**יהום** (ייכעס) — שיינע אָפּשטאַמונג.

**רחמנות** (ראַכמאָנעס).

**בעל-רחמים** (באַל־ראַכמים) — איינער, וואָס האָט אַ ווייך האַרץ און האָט ראַכמאָנעס אויף אַלעמען.

**מעלתו** (מאַלאָסוי) — אַן אויפן פון טיטולירן עמעצן. דער ווערטלעכער טייטש: זיין הויכקייט.

**אדרבא** (אַדעראַבע).

**כשר** (קאָשער).

**רמאי** (ראַמע) — אַן אָפּנאַרער, אַ ליגנער.

**אכזר** (אַכזער) — אַ בייזער מענטש, אָן ראַכמאָנעס.

**א חושים** (כושים) — אַ נאַר, אַ טאַם.

**שמש** (שאַמעס) — באַדינער אין שול.

**מכבד** (מעכאַבעד) זיין — געבן, דערלאַנגען.

**באמת** (בעעמעס).

**פאַרנעם** — אַן אָנגעזעענער, געהויבענער מענטש.

**עליו־השלום** (אָלעוו־האַשאָלעם) — פרידן צו אים — אזוי פלעגט מען זיך אויסדרוקן ביים דערמאָנען א געשטאָרבענעם.

**עם־הארץ** (אמעאָרעץ) — ואַנאלפאבעט, גראָבער יונג.

**תמיד** (טאָמעד) — שטענדיק.

**ממון קורח** (מאָמען קוירעך) — קוירעכס פאַרמעגן, ד״ה זייער א גרויס רייכטום. קוירעך — א געשטאַלט פון דעם כומעש. ער ווערט געשילדערט אלס זייער רייכער מאַן.

**ק״ן אלפים** (קאַן אלאָפים) — הונדערט פופציק טויזנט.

**נישקשה** (נישקאָשע).

**מהיכא־תיתי** (מאכטייסע).

**מורא** (מוירע).

**שין אלפים** (שין אַלאָפים) — דריי הונדערט טויזנט.

**ת״ק** (טאַק) — פינף הונדערט.

**קבצן** (קאַבצן).

**שידוך** (שידעך) — פאַרבאַנדונג פון כאַסן־קאַלע.

**אלמנה** (אלמאָנע).

**כתובה** (קסובע) — שריפטלעכער אָפמאך ביים שליסן א שידוך.

**כוח** (קויעך).

**בייקולעכן** (בייקעלעכן) — א הויכע שטימע.

**עדות** (איידעס).

**סדר** (סיידער) — אָרדענונג.

**קמיע** (קאמייע) — א שטיקל פאַרמעט אָדער פאַפיר, אויף וועלכן ס׳פלעגן זיין אויפגעשריבן געוויסע שפרוכן, געהיימע צייכנס. דאָס פלעגט מען טראָגן אויפן האלדז צו פאַרהיטן זיך פון א בייז אויג, פון קראַנקהייטן אד״גל. עס פלעגן אויך זיין קאמייעס פון ביין, פון מעטאַל א״א.

**ציצית** (ציצעס) — אזעלכע וואָלענע פרענדזלעך, וואָס מע פלעגט אריינפלעכטן אין די שפיצן פון טאַלעס. (אזא איבערדעק, וואָס פרומע יידן פלעגן אָנטאָן צום דאַווענען און אנדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס).

**סטאָטשעק** — ליכטל.

**טלית קטן** (טאַלעס־קאָטן) — אַזאַ קליינער טאַלעס, וואָס מע פלעגט אים שטענדיק טראָגן (אפילו קליינע קינדער) אונטער די אייבערשטע מאַלבושים.

**וכדומה** (אוקעדוימע) — און דאָס גלייכן; און ענלעכע זאַכן.

**בית-דין-שמש** (בעזדן־שאַמעס) — דער שאַמעס (באַדינער, וואַזשנע) פון ייִדישן געריכט, פון ראַוו.

**זיך מטריח** (מאַטריעך) **זיין** — זיך באַמיען, זיין אַזוי גוט.

ב

**כבוד** (קאָוועד).

**רבי** (רעבע) — דאָ געמיינט: ראַוו (ווענדונגס־פאָרמע).

**חידוש** (כידעש) — אַ וווּנדער, אַ נייס.

**דין-תורה** (דין־טוירע) — געריכטספאַרהאַנדלונג לויט די ייִדישע רעליגיעזע געזעצן.

**מכה** (מאַקע) — אַ וווּנד, אַ געשוויר.

**מחותן** (מעכוטן) — דער פאָטער פון כאָסן אָדער קאַלע.

**נדן** (נאַדן) — דער אָפּצאָל וואָס דער קאַלעס עלטערן פלעגן אַרייַנטראָגן דעם כאָסן אָדער זיינע עלטערן.

**תנאים** (טנאָים) — דער אָפּמאַך, וואָס פלעגט געשלאָסן ווערן צווישן כאָסען־קאַלע.

**מתחייב** (מיסכאַיעוו) **זיין זיך** — פאַרפליכטן זיך.

**סילוקן** (סילעקן) — געבן, איינצאָלן.

**לאו דווקא** (לאַוו דאַפקע) — נאַטירלעך אומבאַדינגט; ס'קאָן יאָ זיין און נישט זיין.

**נוהג** (נויעג) **זיין זיך** — פירן זיך.

**חלילה** (כאָלילע) — ס'זאָל נישט געשען (אַזאַ באַשווערונג).

**הגדות** (האַגאָדעס), **תיקון-שבועותלעך** (טיקן־שוועסלעך), **מענה-לשונס** (מיינע־לאָשנס), **תפילה-זכהס** (טפילע־זאַקעס), **מחזורים** (מאַכזוירים), — זאַמלונג פון תפילות צום דאַווענען און אַנדערע רעליגיעזע ביכער.

**חנה בת-טובים** (כאַנע באַס־טויווים) — זאַמלונג פון מייסעס וועגן דער פרומער פרוי חנה.

טענהן (טיינען).

מקח-טעות (מעקעך־טאָעס) — נישט ריכטיקער פרייז.

אויסמאַנטען — אויספרעסן, אויסנאַרן.

שומר ומציל (שוימער אומאַצל) זיין — אויסהיטן און אַפּראַטעווען.

תביעה (טוויע) — פּרעטענזיע, פאָדערונג.

הכלל (האַקלאַל)

מיישב (מעיאַשעוו) זיין זיך — באַקלערן זיך.

תחינה (טכינע) — זאַמלונג פון טפילעס אויף יידיש, ספּעציעל צוזאַמענגעשטעלט פאַר פרויען.

רביצין (רעבעצין) — רעם ראַווס פרוי.

ברוגז (ברויגעז).

השגחה (השגאָכע) — אויפזיכט.

כעס (קאַס).

גיחא (ניכע) זיין — רעכט זיין, גוט זיין.

דאגה (דייגע) — זאָרג.

מן השמים (מין האַשאָמאַים) — פון הימל.

נס (נעס) — וואונדער.

חכמה (כאָכמע) — דאָ געמיינט: אַ קלוגע זאַך.

שלימזלניק (שלימעזאַלניק).

סחורה (סכוירע).

מלופּס־קינד (מעלופּס־קינד) — אַ קליין קינד, וואָס הייבט ערשט אָן זיך צו לערנען.

כלל (קלאַל) — דאָ געמיינט: אַ רעגל, אַ געזעץ.

לחלוטין (לאַכלוטן) — אינגאַנצן נישט.

בחצי חינם (בעכאָצע־כינעם) — האַלב אומזיסט.

סליחה (סליכע), קינה (קינע), מחזור (מאַכזער) — זאַמלונג פון טפילעס צו פאַרשידענע געלעגנהייטן.

מציאה (מעציע) — אַ ביליק געקויפטע זאַך.

כלל נישט (קלאַל) — אינגאַנצן נישט.

מלאכים (מאַלאָכים).

אברהם אָבינו (אַווראָם אָווינו) — דער ערשטער פון די פאַטריאַרכן, פון וועלכע די יידן הייבן אָן, לויט דער לעגענדע, צו רעכענען זייער שטאַם.

**ויאכלו** (וואַיויכלו) — און זיי האָבן געגעסן.

**ענין** (איניען).

**סכנות** (סאַקאָנעס) — געפאַרן.

**געישובט** (גערייִשעוועט) **זיך** — באַקלערט זיך.

**אסור** (אָסער) — דאָ געמיינט: פאַר קיין פאַל.

**כך הוה** (קאַך האַווע) — אַזוי איז טאַקע געווען.

**כהאי־לישנא** (קעהאַי־לישנע) — מיט אַזעלכע רייד, מיט אַזאַ שפּראַך.

**בקשה** (באַקאָשע) — ביטע.

**תיכף** (טייקעף).

**יציאת נשמה** (יעציאַת נעשאָמע) — דאָס אויסגיין, דער טויט.

**נגידים** (נעגידים) — מערצאָל פון נאָגיד — רייכע מענטשן.

**מקיים** (מעקאַיעם) **זיין** — אויספירן.

**צוואת המת** (צאַוואָעס האַמעס) — די צוואָע פון אַ געשטאָרבענעם, דאָס וואָס ער זאָגט אָן זיין פאַמיליע אָדער פריינד.

**מצווה** (מיצווע) — רעליגיעזער געבאָט.

**לכן** (לעכיין) — דעריבער.

**פטירה** (פּטירע) — אַזוי פלעגט מען אָנרופן דעם טויט פון אָנגעזעענעם, זייער פרומען מענטשן.

**אליפי הקהל** (אַליפיי האַקאָעל) — די אָנפירער פון קאָהל, פון דער געזעלשאַפט.

**מקצת** (מיקצעס) — אַ קליין ביסל.

**אם־ירצה־השם** (מירצעשעם) — אַז גאָט וועט וועלן.

**בשעת קריאת הפאפירן** (בעשאַס קריעס האַפאַפירן) — בעשאַס דעם לייענען פון די פאַפּירן.

**לאחר הקריאה** (לעאַכער האַקריע) — נאָכן לייענען.

**מסתמא** (מיסטאָמע).

**דבר גדול** (דוואַר גאָדל) — אַ גרויסע זאַך.

**לעת־עתה** (לעסאַטע) — דערווייל.

**ביחידות** (בעיעכידעס) — אַליין פאַר זיך.

**מתחילה ועד סוף** (מיטכילע וועאַד סאָף) — פון אָנהייב ביז צו ענדע.

**חכם** (כאָכעם).

**פועל־יוצא** (פויעל־יויצע) — רעזולטאַט.

ג

**אותיות** (אויסיעס).

**ווידוי** (ווידע) **זאָגן** — אזא טפילע, וואָס פרומע יידן פלעגן זאָגן פאַרן טויט, כאראקטער האַבנדיק און בעטנדיק פארגעבונג פאַר זייערע זינד.

**ירושה** (יערושע).

**וועדליק** — לויט דעם.

**אפנים** (אפאָנעם) — זעט אויס.

**נפש** (נעפעש) — באַשעפעניש (דאָ א פאראכטלעכער אויסדרוק).

**דם־שונאים** (דאם־סאָנים) — בלוטיקע פיינט.

**מסוכן** (מעסוקן) — געפערלעך.

**צרות** (צאָרעס).

**חיות** (כאַיעס).

**טבע** (טעווע) — געוווינהייט, נאַטור.

**כוח־המדמה** (קויעך־האמדאמע) — פאנטאזיע.

**חיות** (כאַיעס) — לעבן.

**הסברה** (האסוואָרע) — איינפאַל, פּלאַן.

**פּאַטיליצע** — נאַקן.

**משער** (מעשאער) **זיין** — זיך פאָרשטעלן.

**פסק** (פסאַק) — שטראָף.

**אפיקורס** (אפיקוירעס). **אפיקורסיש** (אפיקאָרסיש) — קעגן די אָנגענומענע גלויבונגען, געזעצן.

**פשעקאָנען** — איבערצייגן זיך.

**דורס** (דוירעס) **זיין** — שטויסן, צעשטעכן.

**עד־היום** (אד־האיעם) — ביז האַנט.

**קבר** (קייווער).

**נפשות** (נעפאשעס) — באַשעפענישן.

**חורבה** (כורווע).

**חרפה** (כארפע) — שאַנד.

**ערך** (לעערעך) — מער־ווייניקער.

**חומש** (כומעש) — די פינף ביכער פון דער טוירע. כומעש מיט ביבער — דאָ געמיינט מיט די צוגאָבן צום כומעש. אויסדערגעוויישן פון ראַשע — געמיינט: די דערקלערונגען, קאָמענטאַרן צו דער טוירע פון דעם באַרימטן יידישן געלערנטן רעב שלוימע ייצכאָקי, געלעבט אין די יאָרן 1040 — 1105.

**עברי** (איווריע) — די קענטעניש פון לייענען.

**למדן** (לאמדן) — געלערנטער, קענער.

**רבי** (רעבע) — דאָ געמיינט: דער מעלאמעד.

**הנאה** (האנאָע).

**פסוק** (פאָסעק) — זאַץ אין דער טוירע.

**ויאמר למך לנשיו** (וואַיוימער לעמעך לענאָשאָוו) — און לעמעך האָט געזאָגט צו זיינע ווייבער. לעמעך און די שפּעטער דערמאָנטע קין, תובל־קין (קאַיִן, טוואַל־קאַיִן) — זענען די העלדן פון א כומעש־לעגענדע.

**בכדי** (ביכדיי), **כדי** (קעדיי).

**מסביר** (מאסבער) **זיין** — דערקלערן.

**פורש** (פוירעש) **זיין זיך** — אָפּשיידן זיך.

**עדה וצלה** (אדא וועצילא) — פרויען־נעמען.

**שמען קולי נשי למך** (שמאאן קוילי נעשיי לעמעך) — טייטש אין טעקסט.

**ויהי היום** (וואיהי האיוים) — געמיינט: איינמאָל.

**אַ דייטש** — דאָ איז געמיינט איינער, וואָס איז געווען געקליידט דייטש (אייראָפּעיִש) — אַן אויפגעקלערטער, א מאסקיל.

**פּעטערבורג** — דאָס הייַנטיקע לענינגראַד.

**גבאים** (גאבאָים) — אויפזעער, פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער.

**בפרט** (ביפראט).

**גלוח** (גאלואך) — א געגאָלטער.

**קנאב, קנאבע** — א יינגל (פון דייטש).

**אויף נאמנות** (נעמאָנעס) — אשטייגער ווי „אויף ערן־וואָרט".

**פירכטע ניכט, עס ווירד דיר ניכט געשעהן** — האָב נישט קיין מורא. ס'וועט דיר גאָרנישט געשען (פון דייטש).

גולם (גוילעם) — דאָ געמיינט: אן אומגעלומפּערטער, נישט־דערוואַקסענער מענטש.

ממיתן (מיימעסן) — שטאַרק שלאָגן.

## ד

דחקות (דאַכקעס) — נויט, אָרעמקייט.

מלאכות (מעלאָכעס).

בריה (בעריע).

ממשות (מאַמאָשעס) — ווערט, האַפּט.

תוך (טאָך) — אינהאַלט, גרונט.

סך־הכל (סאַכאַקל).

עין־הרע (איינאָרע) — בייז אויג.

חברה פ״ץ (כעווורע פויאַלע צעדעק) — אַרבעטער, האַנטווערקער־געזעלן.

רבונו־של־עולם (רִיבוינע־שעל־אוילעם) — גאָט.

צעלניק — גאַלאַנטעריע־סכוירעס.

מפורש (מפוירעש) זיין — דערקלערן.

סוחר (סויכער).

עובדא (אָוודע) — אַרבעט, מועבל.

תחילת (טכילעס) — צום אָנהייב.

פריקרע — נישט אָנגענעם.

משונה (מעשונע) — אויסטערליש, אומגעוויינלעך.

בקיצור (בעקיצער) — קורץ.

משרת (מעשאָרעס) — דאָ געמיינט: אן אָנגעשטעלטער אין קראָם. מער־צאָל: מעשאָרסים.

קונה (קוינע) — קויפער, קליענט.

טועם־טעם (טויעם טאַם) זיין — פּאַרזוכן עפּעס פון שפּייז.

מתיר (מאַטער) זיין — דערלויבן.

תענית (טאָנעס) — א טאָג פון פאַסטן. מער־צאָל: טאַניסים.

בשלימות (בישליימעס) — פולקאָם, אינגאַנצן.

חדוה (כעדווע) — גרויסע פרייד, פאַרגעניגן.

פּאָמאַדע — פּאַסטע, קרעם (פון רוסיש).

מכות (מאַקעס) — צרעת (צאָראַאַס) — ווונדן, געשווירן.

**ענין המסחר** (איניען האמיסכער) — האנדל, געשעפט.

**סיכסוך** (סיכסעך) — געקריגעריי, צוזאמענשטויס.

**חילוק** (כילעק) — אונטערשיד.

**מקחים** (מעקאָכים) — פרייזן.

**מתנות** (מאטאָנעס).

**יסורים** (יעסורים) — ליידן, ווייטעקן.

**משלח** (מעשאלייעך) **זיין** — ארויסשיקן, אוועקטרייבן.

**פטור** (פאָטער) **ווערן**.

**יצר-הרע** (יעיצער־האָרע) — דא געמיינט: גלוסטונג, פארלאנג.

**חשק** (כיישעק).

**גנב** (גאנעוו).

**בכיוון** (בעקיוון) — אומיסטן, מיט א מיין.

**הטאים** (כאטאָים) — זינד, פארברעכנס.

ה

**מזלדיקע שעה** (מאַזלדיקע שאָ).

**מצה** (מאצע).

**חשיבות** (כשיוועס) — אָנזען, אויטאָריטעט.

**התמנות** (האסמאָנעס) — פאך, ארבעט.

**פסחדיק** (פייסעכדיק).

**שר-המשקים** (סאר־האמאשקים) — דער אויפזעער איבער די געטראנקען, אזא טיטל אויף א קעניגלעכן הויף.

**מייחס** (מעיאכעס) **זיין זיך** — גרויסן זיך, שטאָלצירן.

**דרך-ארץ** (דערכערעץ) — אכטונג, אָפּשיי.

**חמץ** (כאָמעץ) — די שפייזן, וואָס זענען פארבאָטן געווארן צו עסן אום פייסעך, אשטייגער: ברויט א״א.

**מיירע** — א מאָס, א סכום וואָג.

**דרדקי מלמד** (דאַרדעקע מעלאַמעד) — אזא וואָס לערנט מיט די קלענסטע קינדער, אָנפאנגער.

**רב עזריאל** (רעב אזריל).

**חידושן** (כידעשן) **זיך** — וואונדערן זיך.

שונאי־ציון (סאָנע־ציען) — א באשוועררונג אזא. באטייט: אויף סאָנים פון יידן געזאָגט געוואָרן.

טייטל — אזא שטעקעלע, מיט וועלכן די מעלאמדים פלעגן אָנווייזן (טייט־לען) ביים לערנען לייענען.

נימערערגער — באטייט האָ: אז ס׳קאָן נישט זיין בעסער.

קנעלן — שטארק לערנען.

מכבד (מעכאבעד) זיין — געבן, דערלאנגען.

סדרה (סעדרע) — דאָ געמיינט: ריי, גאנג.

מחילה (מעכילע) — דאָ געמיינט: אנטשולדיקט.

תוכחה (טויכעכע) — א גרוים צעטל קללעס, שטארק שעלטן.

מוח (מויעך).

בשלום (בעשאָלעם) — דאָ געמיינט: גליקלעך, רואיק.

מודה אני (מוידע אני) — א געבעט, וואָס מע פלעגט זאָגן מיט די קלענ־סטע קינדער.

תרי״ג (טאריאג) — די צאָל 613, אזוי פיל פארשידענע געבאָטן האָבן פרומע יידן געדארפט אָפהיטן.

חידושים (כידושים) — וווּנדער.

שחיטה (שכיטע) — דאָס קוילען.

שאר־ירקות (שאַר־יעראָקעס) — דאָ געמיינט: פארשידענע גאָבן.

קדיש (קאדעש) — דאָ געמיינט: דער זון.

שמחה (סימכע).

פאה (פייע).

צאן־קדשים (צ־ון קאָדאָשים) — ווערטלעך באטייט עס: הייליקע שאָף. דאָ געמיינט: די חברה קינדער.

מקבל פנים (מעקאבל פאָנעם) זיין — באגעגענען, אויפנעמען שיין.

עבירה (אויירע) — זינד, פארברעכן.

מכוח (מיקויעך) — וועגן.

מדובר (מעדובער) — אָפגערעדט, אָפגעמאכט.

קעסט — אויסהאלטונג.

חודש (כוידעש).

התחייבות (היסכאיוועס) — פארפליכטונג.

שוחט (שויכעט).

שליחות (שליכעס) — שיקעניש, גאַנג.

עופות (אויפעס).

תשעה-באב (ט׳ שבאָוו) — נייַנטער טאָג אין כ׳דעש אָוו, ביי רעלי־
גיעזע ייִדן געווען א געדענק־טאָג נאָכן כאָרבן פון בייס־האמיקדעש.

מכין (מייכן) זיין זיך — גרייטן זיך.

כלי־זין (קלעזאיען) — געווער.

מיתה-משונה (מיסע־מעשונע) ־ פאַרבן — אויסטערלישע, אומנאַטירלע־
כע קאַלירן.

בן־יחיד (בען־יאָכיד) — איין־און־איינציקער זון.

עכבראש (אַכבערעש) — דאָ געמיינט: א ווילד באַשעפעניש.

צדדים (צדאָדים) — זייטן, קעגנערישע גרופּעס.

כפרה־ (קאַפּאָרע)־הינדל — דאָ געמיינט: — דער וואָס איז אָפּגעקומען
פאַר עמעצנס זינד.

אסתר (עסטער).

בשעת-מעשה (בעשאס־מייסע) — דאָס זאָגנדיק, גלייכצייטיק.

יוצא (יויצע) זיין — אויסקומען פאַר מענטשן, דערפילן די פליכט.

מקנה (מעקאַנע) זיין.

מיתה-משונה (מיסע־מעשונע) — אַן אויסטערלישער, אומנאַטירלעכער
טויט.

יאק נימא ריבי, טאָ אי ראק ריבאַ (אוקראַיניש) — אז ס׳איז נישטאָ
קיין פיש, איז א ראַק אויך א פיש.

להבדיל (לעהאָוודל) — אַן אויסדריק, וואָס מע פלעגט באַנוצן ביים רעדן
וועגן צוויי זאַכן, וואָס מע קאָן נישט אָדער מע טאָר נישט פאַר־
גלייכן, מע כמנם ביים דערמאָנען צוזאַמען א הייליקע און נישט־
הייליקע זאַך.

אַנגעחתמעט (אָנגעכאַסמעט) — אָפּגעשטעמפּלט, באַשערט.

מה אני מה חיינו (מע אני מע כאַיעינו), אָדער פאָלקסטימלעך: מאָני־מע־
כעיני — דאָ געמיינט: ווער זענען מיר און וואָס פאַר א באַדייטונג
האָבן מיר.

**קשיות** (קאָשעס) — פֿראַגעס.

**מגולגל** (מעגולגל) **ווערן** — פֿאַרוואַנדלט ווערן, איבערגעאַנדערשט ווערן.

**בריה** (בעריע) — פֿלינקער, פֿעיקער.

**יתור** (ייטער) — איבערגעבליבענע שטיקלעך שטאָף ביים שניידער, וועלכע ער פֿלעגט צונעמען פֿאַר זיך.

**מלבוש** (מאַלבעש).

**על־כל־פּנים** (אַל־קאָל־פּאָנעם) — צום ווינציקסטן.

**חריפות** (כריפעס) — קענטעניש, גרויסע געניטקייט.

**זייט מוחל** (מויכל) — אנטשולדיקט.

**הקדש** (העקדעש) — אזא מין שפּיטאָל פֿאַר אָרעמע קראַנקע.

**נאמנות** (נעמאָנעס) — באַגלייבטקייט, ערן־וואָרט.

**חרמות** (כאַראָמעס) — באַשווערונגען.

**חשבון** (כעשבן).

**מוסיף** (מויסעף) **זיין** — צוגעבן, צולייגן.

**שיכור** (שיקער).

**משקה** (מאשקע) — געטראַנק. דאָ געמיינט: בראָנפֿן, ווייַן.

**ציעך** — אַמאָליקער פֿאַריין פֿון האַנטווערקער.

**התקרבות** (היסקאַרוועס) — נאָענטקייט, צוטריט, נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט.

**הויבאָר** — וואַלן (רוסיש).

**כוסה** (קויסע) — גלעזל, בעכער.

**פֿאַרכוסהט** (פֿאַרקויסעט) — פֿאַרטרונקען.

**שכל** (סייכל).

**פֿאַרקויפֿט זיין גאַלקע** — פֿאַרקויפֿט זיין שטימע ביי די וואַלן. גאַלקע — אַזאַ קייַלעכל פֿון האָלץ, וואָס מע פֿלעגט אַמאָליקע צייטן באַנוצן ביי פֿאַרשידענע וואַלן. די קייַלעכלעך פֿון פֿאַרשידענע קאָלירן פֿלעגט מען אַרייַנוואַרפֿן אין די וואַל־קעסטלעך.

**אַלעפּביים** — דאָ געמיינט: די ערשטע שריט, דער אָנהייב.

**התחלה** (האַסכאָלע) — אָנהייב..

**דהיינו** (דעהיינו) — אַשטייגער, צום ביישפּיל; ווי אויסגערעכנט.

**כשרע** (קאָשערע) **פֿאָדעם** — לויט אַ ייִדישן מנהג האָט מען נישט געטאָרט באַנוצן קיין ליינענע פֿאָדעם צום נייען וואָלענע קליידער און פֿאַרקערט.

**שכן** (שאָכן).
**לעת־עתה** (לעסאטע) — דערווייל.
**א דעה האָבן** (דייע) — האָבן צו זאָגן, מאַכט האָבן.
**למדן** (לאמדן) — קענער, געלערנטער.
**עבודת־פּרך** (אווידאס־פּערעך) — די שווערסטע ארבעט.
**מדרגה** (מאדרייגע) — גראַד, שטאַפּל.
**מקבל באהבה** (מעקאבל בעהאווע) **זיין** — אָננעמען פאר ליב.
**פֿעדער־חלק** (כיילעק) — די פֿאָדערשטע טייל. הינטער־חלק — הינטערשטע טייל.
**זשיוואָ** — לעבעדיק (רוסיש).
**ממזר** (מאמזער) — דאָ איז עס גלאַט א זידלוואָרט. ווערטלעך באַטייט עס: אומגעזעצלעך קינד.
**חתונה** (כאסענע).
**מכבד** (מעכאבעד) **זיין** — געבן, דערלאַנגען. דאָ געמיינט: אָנטאָן קאָרטער.
**אבן־טוב** (עווען־טאָוו) — אן איידלשטיין.
**כל נדרי** (קאָל־נידרע), **מלך־עליון** (מעלעך עליען) — אזעלכע טפילעס.
**המצאה** (האמצאָע) — דאָ געמיינט: א וויץ, א שפּאַס.
**באזעצן די כלה** (קאַלע) — איינע פֿון די צערעמאָניעס אויף אן אמאָליקער יידישער כאסענע.
**מארשאלעק** — דער צערעמאָניע־מייסטער אויף א כאסענע, וואָס פֿלעגט זינגען און פֿריילעך מאַכן די פֿאַרזאַמלטע געסט.
**מניה־וביה** (מיניי־אוביי) — אינצווישן, אין די זעלבע רייד..
**ניגון** (ניגן).
**פּאָפּאַדיעט** — אויסגעפֿאַלן, געטראָפֿן (רוסיש).
**לסוף** (לעסאָף) — צום סוף.
**וואַליאַי** — דערלאַנג, גיב, (רוסיש).
**באם** (בעים) — אויב, טאָמער.
**הסברה** (האַסוואָרע) — איינפֿאַל, פּלאַן.
**מילא** (מיילע).
**פּאַשאָל וואָן** — ארויס פֿונדאַנען (רוסיש זידלוואָרט).
**הללוהו כל צבאיו** (האַלעלוע קאָל צעוואָאָוו) — ציטירט פֿון א תפֿילה איבערגעזעצט פֿאַרדייטשט דורך לייענער.

**תחילת** (טכילעס) — צום אָנהייב.

**אָסור חזיר** (אָסער כאַזער) — א באַשוועררונג אזא, אז איינער האָט גע־וואָלט זאָגן קאַטעגאָריש „ניין!"

**בשום אופן** (בעשום אויפן).

**חן** (כיין) — שיינקייט, רייץ.

**קרישטשענע** — בראָנפן, אָדער בראָנפן־געלט.

**הגם** (האַגאַם) — כאָטש.

**מחמת מורא** (מאַכמעס מוירע) — צוליב מורא.

**במתנה גמורה** (בעמאַטאָנע גמורע) — ווי א פולשטענדיקע מתנה, דאָס הייסט: אוועקגעבן אויף שטענדיק.

**פסוק** (פּאָסעק) — זאַץ. דאָ געמיינט: ווערטל.

**עוקר** (אויקער) **זיין** — אנטלויפן.

**תן כבוד לאיציניו** (טיין קאָוועד לעאיציניו) — גיב אָפּ כבוד פאר איצי־גיון.

**מפרנס** (מעפּאַרנעס) **זיין** — שפּייזן, געבן אויף צו לעבן.

**יסורים** (יעסורים) — ליידן, ווייטיקן.

**הקדש** (העקדעש) — אזא שפּיטאָל פאר אָרעמע קראַנקע.

ו

**ויהי היום** (וואַיהי האַיוים) — און ס'איז געקומען א טאָג; איינמאָל.

**חזן, חזנים** (כאַזן, כאַזאָנים).

**משורר, משוררים** (מעשוירער, מעשוירערים) — זינגער אין כאָר.

**נוהג** (נויעג) **זיין זיך** — פירן זיך, זיין געוווינט.

**ותיקין** (וואָסיקן) — טייל פון דאַווענען.

**קידוש** (קידעש) **מאכן** — דאָס זאָגן א תפילה ביים אָנהייבן א מאָלצייט, מערסטנטייל איבער בראָנפן אָדער וויין.

**עמוד** (אָמעד) — אזא טריבונע, ביי וועלכער ס'פלעגט שטיין דער חזן ביים דאַווענען.

**בטל** (באָטל) **ווערן** — זיך פארלירן, זיך פילן נישטיק.

**מחיה** (מעכאַיע) **זיין זיך** — האָבן גרויס פארגעניגן, קוויקן זיך.

**זמירות** (זמירעס) — דאָס זינגען פארשידענע רעליגיעזע לידער ביי א מאָל־צייט.

קולכן (קעלעכן).

**תענוג** (טיינעג) — גרויס פארגעניגן, געווּם.

**כלל** (קלאל) **נישט** — אינגאנצן נישט.

**קונדס** (קונדעס) — שטיפער.

**ווייסע-חברה** (כעווּרע) — קינדער־שטיפער.

**מי-שברך** (מי־שעביירעך) — אזא געבעט.

**פייפער, פיסטל, געלענקל, געמבע** — אמאָליקע כאזאָנישע באצייכענונ־גען פון פארשידענערליי שטימען אין כאָר.

**זלידניע** — אן איינגעגעסענער, א נודניק.

**מאריך-ימים** (מארעך־יאָמים) **זיין** — לאנג לעבן.

**תכלית** (טאכלעס) — דאָ געמיינט: צוקונפט, וועג אין לעבן.

**השם-יתברך** (האשעם־ייסבאָרעך) — געלויבט איז גאָט.

**יתום** (יאָסעם).

**חסד** (כעסעד) **טאָן** — גוטס טאָן, ארויסווייזן גוטווילי קייט.

**באשיימפערלעך** — דייטלעך, בולט (בוילעט).

**זכות-אָבות** (זכוס־אָוועס) — דער פארדינסט פון די פארשטארבענע על־טערן, אדאנק זייערע באמיונגען.

**הינטערווילעכץ** — אויף צוריק, אויף הינטן.

**עברי** (איווּרע) **זעצן** — ריכטיק פאָרלייענען, דייטלעך ארויסזאָגן, דיקציע.

**צו-להכעיס** (צולאָכעס).

**פליטה** (פלייטע) **מאכן** — אנטלויפן.

**שבת פרשה שקלים** (שאבעס פארשע שקאָלים) — יעדן שאבעס פלעגט מען אין שול פאָרלייענען ביים דאווענען איין קאפיטל פון דער טוי־רע. לויט דעם קאפיטל פלעגט מען אויך אָנרופן דעם שאבעס פון יאָר.

**חזנות** (כאזאָנעס) — די שטעלע פון א חזן.

**מלווה מלכה** (מעלאווע־מאלקע) — א מאָלצייט שאבעס־צונאכט.

**חן** (כיין) **מאכן** — דאָ געמיינט: מאכן אָנשטעלן, כלומרשט קווענקלען זיך.

**אליהו'ס** (עליאָהו) — אזא געזאנג־מעלאָדיע, וואָס מע פלעגט זינגען אין די שאבעס־צונאכטן.

**חוזק** (כויזעק).

**סודען** (סוידען) **זיך**.

קדושה (קעדושע) — טייל פון דאַווענען.

שוטה (שויטע) — נאַר. תמעוואטע (טאמעוואטע) — נאַריש.

מעלות (מיילעס).

עולם (אוילעם) — די פאַרזאַמלטע מענטשן, דאָס פּובליקום.

משער (מעשאַער) זיין — זיך פאַרשטעלן.

שבת-נחמו (שאַבעס־נאַכמו) — דער שאבעס נאָך טישעבאָוו (זע פריער־דיקע דערקלערונגען).

צבועק (צוואַק) — א צווייפּאָנימדיקער מענטש. צוואַטשען — זיין צוויי־פּאָנימדיק, פאַלשעווען, מאַסקירן זיך.

ארבעטן אויף אלע כלים (קיילים) — סטאַרען זיך מיט אַלע קויכעס.

גבאים (גאַבאָים) — אויפזעערס, פאַרוואַלטערס.

ימים נוראים (יאָמים־נויראָים) — ווערטלעך: שרעקלעכע טעג. אַזוי פלעגט מען רופן די יאָמטויווים ראָשעשאָנע און יאָנקיפּער.

גומר (גוימער) זיין — פאַרענדיקן, דערפירן ביזן סאָף א זאַך.

ברוך-השם (באָרעך־האַשעם) — געלויבט צו גאָט.

חשוב (כאָשעוו) — אן אָנגעזעענער מענטש.

לץ (לעץ) — א שפּאַס־מאַכער, א וויצלינג.

העוויות (האַוואַיעס) — מינעס, זשעסטן.

אתה זוכר (אַטאַ זויכער) — טייל פון דאַווענען.

מוספדיקע שמונה-עשרה (מוסעפדיקע שמוינעסרע) — טייל פון דאַווע־נען.

ונאמרלעך (ווענוימערלעך) — טייל פון דאַווענען.

פאַ מאַלאַדיעצקי — בראַוואָ, פריילעך. (רוסיש).

מניה-וביה (מיניי־אוביי) — צווישן זיך און זיך; אין די רייד.

געגזלט (געגאַזלט) — גערויבט.

בבושה וחרפה (בעבושע ווערכאַרפּע) — מיט שאַנד און שפּאָט.

## ה

חסיד (כאָסעד) — פרומער, אָנהענגער פון כסידיזם, דער רעליגיעזער באַ־וועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אין 18־טן יה.

מבין (מייווען).

מיישב (מעיאַשעוו) זיין זיך — באַקלערן זיך.

צרה (צאָרע).

בטבע (בעטעווע) — אין דער נאַטור, לויטן כאַראַקטער.

שותק (שויסעק) — א שווייגער.

בית-עולם (בייסוילעם).

לולב (לולעוו) — אזא צווייגל פון א פאַלמע, ווערט גענוצט צום בענטשן אין יאָנטעוו סוקעס.

חדר (כיידער) — דאָ געמיינט: צימער.

מטושטש (מעטוטשעש) — אומקלאָר, ניושט דייטלעך.

עד כאן אומרים בשבת הגדול (אַד קאַן אוימרים בעשאַבעס האַגאָדל) — דאָ געמיינט אויף דעם ענדיקט זיך עס איצט.

קריאת-שמע (קרישמע) — א טפילע פאַרן שלאָפן גיין.

## ט

עין-הרע (איינאָרע) — בייז אויג.

דיינים (דאַיאָנים) — ריכטער.

מרה שחורה (מאָרעשכוירע) — טרויער, מעלאַנכאָליע.

חנא (כאָנע) — אזא נאָמען.

אבדה (אַוויידע) — פאַרלוסט, פאַרלירעכץ.

בעל סוד (באַל־סאָד) — אזא מענטש, וועמען מע קאָן געטרויען.

מסדר קידושין (מעסאַדער קידושין) — דער וואָס פירט דורך די צערעמאָניע פון חתונה מאכן.

טועם-טעם (טויעם־טאַם) זיין — פאַרזוכן עפעס.

רפואה (רעפוע).

האָבן בקבלה (בעקאַבאָלע) — איבערנעמען פון פריערדיקע. דאָ געמיינט: האָבן א טראַדיציע.

זוכה (זויכע) זיין — פאַרדינען זיך, האָבן די ווערט.

מחשבות (מאַכשאָוועס) — געדאַנקען.

שאלה (שיילע) — א פראַגע אין א רעליגיעזן איניען.

טרוד (טאָרעד) — פאַרנומען, פאַרטאָן.

רבותי (ראַבויסיי) — אויפן פון ווענדן זיך צו א פאַרזאַמלטן עולם, אשטייגער ווי: „מיינע הערן".

**מספר** (מיספער) — צאָל.

**בעל־שמחה** (באַל־סימכע) — דער וואָס פּראַוועט די שמחה.

**חברה־קדישה** (כעווורע־קאַדישע) — אַזאַ געזעלשאַפט, וואָס פלעגט זיך פאַרנעמען מיט דורכפירן די גאַנצע צערעמאָניע פון באַגראָבן אַ גע־שטאָרבענעם.

**רה״ש** (רעכאַש) — אָפּצאָל פאַרן האָוו, כאַזן, שאַמעס.

**קבורה־** (קווורע) **געלט** — דער אָפּצאָל, וואָס מע פלעגט נעמען ביי דער פאַמיליע פון פאַרשטאָרבענעם פאַרן אָרט אויפן בייס־אוילאָם און פאַרן דורכפירן די באַגראָבעניש־צערעמאָניע.

**עסקים** (אַסאָקים) — געשעפטן.

**מקיים** (מעקאַיעם) **זיין** — אויספירן, רעאַליזירן.

**צוואת־המת** (צאַוואַעס האַמעס) — די צוואָע, דער אָנזאָג פון געשטאָר־בענעם.

**עליו־השלום** (אָלעוו האַשאַלעם) — פרידן צו אים — אַזוי פלעגט מען זיך אויסדרוקן ביים דערמאָנען אַ געשטאָרבענעם.

**ממלא** (מעמאַלע) **זיין** — אויספילן, באַפרידיקן.

**בקשה** (באַקאָשע) — ביטע.

**אדרבא** (אַדעראַבע).

**חרטה** (כאַראָטע).

**מטריח** (מאַטריעך) **זיין זיך** — באַמיען זיך, זיין אַזוי גוט.

י

**ווילקאָמען** — זייט באַגריסט (דייטש).

**וואַרען זי ניכט** — איר זייט נישט געווען (דייטש).

**פייערטאַגע** — יאָנטעוו.

**היעזיגע** — היגע.

**צו אינען** — צו אייך.

**רדיפות** (רעדיפעס) — פאַרפאָלגונגען.

**שפּאָרנען** — אָנרעגן, אונטעריאָגן.

**עבן זאָ** — טאַקע, אַוואַדע.

**חנפענען** (כאַנופענען) — אונטערלעקן זיך.

**צבועטשען** (צוויאַטשען) — זיין צווייפּאָנימדיק, מאַסקירן זיך.

חונף (כוינעף) — דער, וואס באנעמט זיך אונטער.

צבועק (צוויאק) — א צווייפּאָנימדיקער מענטש, א פארמאסקירטער.

אימער פירכטען — שטענדיק מורא האָבן.

זינד גליקליך — זענען גליקלעך.

בייד — קינע.

בעניידענסווערט — מעקאנע צו זיין.

פשט (פשאט) — דער זינען, דער טייטש.

פתח (פאסעך) — דאָס פאסעקל אונטערן אלעף, דער קלאנג „אַ".

קמץ (קאָמעץ) — דער צייכן אונטערן אלעף, וואס לייענט זיך „אָ".

קאָרכיש דאווענען — אויפן שטייגער פון די רעפאָרמירטע שולן.

ועלטה (וועאַלאַטאָ), וסעדו לבכם (וועסאָאַדו ליבכעם); ירכי (יערייכי); באחו (בעאָכו); בין המשפתים (ביין האַמישפּאָסאים); ותחללה (וועטכאַללאָ); קוממיות (קוימעמיעס) — די אלע ווערטער פון חומש פלעגן פארטייטשט ווערן מיט אלטיידישע אויסדרוקן, וועל־כע פלעגן פאר די קינדער זיין אומפארשטענדלעך און דעריבער קלינגען זיי ווי פון א פרעמדער שפראך.

בנאמנות (בעונעמאָנעס) — אויפן ערן־וואָרט.

שמוישן־מיצל — אזא היטל אונטערגענייט מיט פוטער.

בורשע — א יונג, א באָכער (דייטש).

יתרו (ייסרע) — א געשטאלט פון תנאך, ייסרע האט געהאט א סאך נעמען.

אָבות (אָוועס) — די פּאטריארכן, די אורפאָטערס.

## יא

שליטה (שליטע) — מאכט, הערשאפט.

סימני־דלות (סימאָנע־דאלעס) — סימאָנים פון נויט, אָרעמקייט.

רוח (רועך) — טייוול.

עולם ומלואה (אוילעם אומלויע) האלטן — זייער שטארק האלטן פון עפּעס, שטארק שעצן.

עגמת־נפש (אגמעס־נעפעש) — קרענקונג, זארג.

מדריך (מאדרעך) זיין — דערציען, ווייזן א וועג.

עדוקאציע — בילדונג.

מידות טובות (מידעס טויוועס) — גוטע זיטן, גוטע שטריכן פון כאַראַקטער.

פלוניתטע (פלוינעסטע) — ווייב, פרוי.

אשת חייל (אײשעס כאַיעל) — א פרוי וואָס פלעגט זיין די הערשערקע אין דער פאַמיליע, די פאַרדינערין.

תוך (טאָד) — זינען, אינהאַלט.

חיות (כיעס) האָבן — פאַרגעניגן האָבן.

מפסיק (מאַפסעק) זיין — איבעררייסן.

קריעה (קריע) — א ריס אין דער קליידונג.

פּאָסילקעס — שיקונגען, זענדונגען (רוסיש).

אין פלוג — אויבנויף, פון דרויסן קוקנדיק.

ריח (רייעך).

משרתים (מעשאָרסים) — דאַ געמיינט: דינער.

עיפּוש (איפּעש) — שטינקעריי.

אש-להבה (אייש לעהאָווע) — פלאַם-פייער.

פּרצוף-פּנים (פּאַרצעף-פּאָנים) — מיעס געזיכט, מאָרדע.

נתפּעל (ניספּאָעל) ווערן — איבערראַשט ווערן, שטאַרק וואונדערן זיך.

איסר (איסער) — נאָמען אזא.

חשיבות (כשיוועס) — אָנזען, באַדייטונג, אויטאָריטעט.

שלא כדרך הטבע (שעלוי קעדערעך האַטעווע) — איבערנאַטירלעך, אומגעוויינלעך.

דווקא (דאַפקע).

## יב

ברוך הבא (באָרעך האַבאָ) — זײַ באַגריסט.

שאלה (שײלע) — פראַגע.

המצאה (האַמצאָע) — דאָ געמיינט: א שפּיצל, א געהיימע זאַך, א פּאָקוס.

געחלומט (געכאָלעמט).

מעשים (מאַיסים) — אַרבעט — אויפטאָן א סך.

קהל (קאָהל) — די באַצייכענונג ווערט דאָ באַנוצט פאַר די אָנפירער פון דער יידישער געזעלשאַפט.

קהל-שטיבל — דאָס זיץ-אָרט פון דער קאָהל-פירערשאַפט.

**גילגול** (גילגל) — א פארוואנדלונג. ביי אמאליקע יידן איז געווען א גלויבונג, אז די נשמה פון א מענטשן קאָן נאָכן טויט אריבערגיין אין אן אנדער מענטשן, אָדער אפילו אין אן אנדער לעבעדיקער באשעפעניש.

**בעל־טאָקסע** (באל־טאַקסע) — דער ארענדאטאָר, דער פירער פון דער טאקסע. דעם אָפּצאָל אויף קאָשער פלייש, וועלכן די יידן פלעגן צאָלן. די הכנסות פון אָפּצאָל האָבן געדאַרפט גיין אויף אויסצוהאלטן די פארשידענע יידישע אינסטיטוציעס, אויף שטיצן אָרעמע; אינדערעמעסן אָבער פלעגן די באל־טאקסעס, צוזאמען מיט אנדערע קאָהאָל־שע רעדלפירער, דאָס גאַנצע פארדינסט צונעמען פאַר זיך אדאנק פארשידענע שווינדלעריען. דעם פראָבלעם „טאקסע" האָט מענדעלע מוכר־ספרים געווידמעט זיין צווייט ווערק, די דראַמע „די טאַקסע" אָדער די באַנדע שטאָט־בעלי־טובות.

**נפשות** (נעפאשעס) — באשעפענישן.

**ספּראוואָטשנע צענעס** — פרייז־נאָרמעס (פון רוסיש).

**אָקע** — אמאָליקע מאָס פון וואָג, אן ערך אנדערהאַלבן קילאָגראַם.

**דיבוק** (דיבעק) — דער רוח, דער גייסט פון א געשטאָרבענעם, וואָס איז פארוואָגלט געוואָרן אין א לעבעדיקן מענטשן און מאטערט אים, אָפּטועדיק פארשידענע אומגעווינלעכע שטיק.

**מגולגל** (מעגולגל) — ווערן — פארוואנדלט ווערן, איבערגעאנדערוישט ווערן.

**ראָש** (ראָש) — קאָפּ, אָנפירער.

**רמ"ח אברים** (רעמאַד אייווערים) — 248 גלידער, וועלכע א מענטש פאַר־מאָגט, לויט אמאָליקע יידישע גלויבונגען.

**שררה** (סראָרע) — מאגנאַט, גרויסער פּאָריץ.

**נדן** (נאדן) — דער אָפּצאָל, וועלכן ס'פלעגט געבן דער קאַלעס עלטערן. דעם אָפּצאָל פלעגט מען אָפט איינלייגן ביז א צייט ביי אָנגעזעענע, באַגלויבטע מענטשן.

**טובה** (טויווע).

**בעל־עצה** (באַל־אייצע) — א ראַטגעבער.

**חשוב** (כאָשעוו) — אן אָנגעזעענער, פאַרנעמער מענטש.

**גבאי** (גאַבע) — פארוואלטונגס־מיטגליד פון פארשידענע יידישע געזעלשאַפטן, פון שול אד"גל.

**פיינע בריה** (פיינעבעריע) — דאָ געמיינט: אַן אָנגעזעענער, געשעצטער מענטש אין שטאָט.

**משמע** (מאַשמע) — געדרונגען.

**א מעשה** (מייסע) **אָנטאָן זיך** — זעלבסטמאָרד באַגיין.

**פארבייטן די יוצרות** (יאָצרעס) — פארבייטן די ראָלן, נעמען איינס אָנשטאָט דעם אנדערן.

**תכלית** (טאַכלעס) — וועג אין לעבן, צוקונפט.

**אין עושר** (אוישער) **און אין כבוד** (קאָוועד) — רייך און געשעצט פון אַלעמען.

**מילא־דעלמא** (מילע־דעאלמא) **זאכן** — וועלטזאַכן.

**מאנקאָליעס** — דאָ געמיינט: שוואַכקייטן, קאַפּריזן.

**שגעונות** (שיגוינעס) — משוגעתן.

**ראיה** (ראיע) — באַווייז, ביישפּיל.

יג

**למזל** (לעמאַזל) — מיט מאַזל, מיט גליק.

**כוונה** (קאַוואָנע) — מיין, געדאַנק.

**יניקה** (יעניקע) — דאָ געמיינט: קוואַל פון אויסהאַלטונג..

**כאַפּן דעם סטרי** — באַנעמען דעם גאַנג, זיך איינגעוווינען.

**בורלאַק** — א הויכער, געזונטער (רוסיש).

**גוג־מגוג** (גאָג־מאַגאָג) — ריזן־געשטאַלטן פון דער יידישער לעגענדע.

**יוניש** (יעוואָניש) — דאָ געמיינט: אויף רוסיש.

**טשטאָ טי טאַק סמאָטריש, בולוואַן?** — וואָס קוקסטו אַזוי, גוילעם? (רוסיש).

**ווידנאָ, טשטאָ טי באָלשאָי דוראַק** — מ׳זעט, אז דו ביסט א גרויסער נאַר.

**סמאָטרי** — דאָ געמיינט: גיב אכטונג.

**סלישיש** — דו הערסט.

**פּעמפּיק** — א מענטש מיט א גראָבן בויך.

**כסדר** (קעסיידער).

**גדלות** (גאַדלעס) — שטאָלץ, באַרימעריי, אָנגעבלאָזנקייט.

עשו (אייסעוו) — דאָ געמיינט: א געזונטער, א מעגושעמדיקער מענטש.

ספּאַלניע — שלאָפצימער (רוסיש).

שופר של משיח (שויפער שעל מאָשיאַך) — ביי רעליגיעזע יידן איז געווען א גלויבונג, אז דאָס אָנקומען פון מאָשיאַכן, דעם אויסלייזער, וועט אָנגעזאָגט ווערן דורך בלאָזן אין שויפער.

חלה (כאלע).

חן (כיין) מאכן — דאָ געמיינט: מאכן אָנשטעלן.

קללות (קלאָלעס) — זידלערייען, שעלטונגען.

עכבראש (אכבערעש) — דאָ באַטייט עס: מיעס באַשעפעניש.

העזה (האָזע) — פרעכקייט.

עזות־פנים (אזעס־פּאָנעם) — א אומפארשעמטער מענטש, א פרעכער.

כל ישראל (קאָל־ייסראָעל) — אלע יידן.

תחית־המתים (טכיעס־האמייסים) — דאָס צוריק לעבעדיק ווערן פון טויטע.

וואלקעלאק — א וואלד־טייוול.

חיה־רעה (כאיע־ראָע) — א בייז באַשעפעניש.

דרך (דערעך) — וועג. גיין אויף א דערעך באַטייט: גיין אין דער געהעריקער ריכטונג.

מגושם (מעגושעם) — אומגעלומפּערט, פּאַרמלאָז.

בפשטות (בעפּאַשטעס) — איינפאך, נישט קאָמפּליצירט.

רוחניות (רוכניעס) — גייסטיקייט, אַבסטראַקציע.

דרך־הטבע (דערעך האטעווע) — דאָ געמיינט: לאָגישער גאַנג.

שמות (שיימעס) — דאָ געמיינט: שפּרוכן, מיט וועלכע מע וויל אויף וווּנדערלעכע זאכן.

אייבער־הסברה (האסוואָרע) — דאָ געמיינט: איבערנאַטירלעכער זינען.

בשלימות (בישליימעס) — פולקאָם.

זיכרון (זיקאָרן).

משער (מעשאער) זיין זיך — פאָרשטעלן זיך, אָנשטויסן זיך.

כמו (קעמוי) — ענלעך, אזוי ווי.

אוודאי (אוואדע).

תחבולות (טאכבולעס) — מיטלען, וועגן.

שהיות (שיעס) מאכן — פאַרציען, לאַנג פאַרען זיך ביי עפּעס.

## יד

תחתונים (טאכטוינים) — דאָ געמיינט: הויזן.

דיאַד (פון רוסיש: דיאַדאַ) — וואַגן־שמירעכץ.

קדושה (קעדושע) — דאָ: טייל פון דאַווענען.

־ריפּעטשיק — אמאָליקע קיד־פּליטע, איינגעאָרדנט לעבן דעם באַק־אויוון.

א שאלה (שיילע) מאכן — דאָ געמיינט: דערוועקן די פראַגע, צי ס'איז קאָשער אָדער טריף.

א שאלה פסקענען (שיילע פאסקענען) — פאַרענטפערן א רעליגיעזע פראַגע.

פּאַפּאַס — דאָס אָפּשטעלן זיך אויף צו געבן די פערד עסן.

גט (געט) — דער אַקט, לויט וועלכן א פּאָר־פּאָלק פלעגט זיך פונאַנדערגיין.

חסידארניע (כסידארניע) — דאָ געמיינט: דער הויף פון כסידישן רעבן, ווו די כסידים פלעגן אָפּזיצן גאַנצע וואָכן.

פון יוצא (יויצע) וועגן — אבי אויסצוקומען פאַר מענטשן.

טיפּשטע (טיפּעשטע) — נאַרישע פרוי.

שפלה (שפיילע) — נידעריק באַשעפעניש.

זשעדנע — גיריק, הונגעריק.

עגונה (אגונע) — א פרוי, וואָס איר מאַן איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

קלייזל — אַן אָרט, ווו בחורים פלעגן זיך צונויפקומען צו דאַווענען.

בנופיא (קנופיע) — א געזעמל, א קאָמאַנדע (שפּאָטישער אויסדרוק).

גזלן (גאזלען).

מזוזה (מעזוזע) — א שטיקל פּאַרמעט מיט ציטאַטן פון דער טוירע, וואָס פרומע יידן פלעגן צוקלאַפּן צו דער טיר.

מטריח (מאטריעך) זיין — באַמיען.

מאריך ימים (מארעך־יאָמים) זיין — לאַנג לעבן.

שאלות־נשים (שיילעס־נאָשים) — א רעליגיעזע פראַגע, וואָס איז געווען שייך צו די געבאָטן, וועלכע די פרויען פלעגן דאַרפן אָפּהיטן.

## טו

קדחת (קאדאָכעס) — פיבער. האָבן פאַר עמעצן דאָס נייניאָריקע קאדאָכעס באַטייט: שטאַרק מורא האָבן, ציטערן פאַר יענעם.

יחסן (יאכסן) — א מענטש פון הויכער אריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג.

**המכה בעברתו** (האמאקע בעיווראָסוי) — דאָ געמיינט: נישט געקאָנט ווי געהעריק לייענען, דאַווענען.

**עברי** (איוורע) — קענטעניש פון לייענען, גראַמאַטיק.

**טלית און תפילין** (טאַלעס־און טפילן)־זאַק — אַזאַ טאָרבעלע צום טראָגן טאַלעס און טפילן.

**בני־פקועה** (בניי־פּעקוועע) **קעלבלעך** — וועלכע מען פלעגט אַרויסנעמען פון געשאָכטענע קי.

**סידור** (סידער) — זאַמלונג פון טפילעס.

**דרך־החיים** (דערעך־האַכאַיעם) — דער וועג פון לעבן.

**דינים** — געזעצן, דאָ געמיינט: רעליגיעזע פאָרשריפטן.

**תהילים** (טילעם) — טייל פון טאַנאַך — זאַמלונג פון רעליגיעזע געזאַנגען.

**מעמדות** (מייַמאָדעס) — טפילעס וואָס זענען באַגרינדעט אויף ציטאַטן פון דער טוירע און טאַלמוד.

**חוקל** (כאָקל) (פאַרקלענערוואָרט פון „כאָק") — זאַמלונג פון רעליגיעזע פאָרשריפטן.

**שערי־ציון** (שאַרע־ציען) — רעליגיעז בוך.

**שליחות** (שעליכעס) — דאָ באַטייט עס: ווילן, באַפעל, שיקונג.

**דיבאָם** (רוסיש) — אויף די הינטערשטע פיס.

**חתימה** (כסימע) — אונטערשריפט.

**מעלה** (מיילע) — גוטער שטריך פון כאַראַקטער.

**מחמיר** (מאַכמער) — אַזאַ איינער, וואָס איז שטאַרק אָפּגעהיט אין די פאָרשריפטן.

**אות** (אָס) — **אותיות** (אויסיעס).

**מסופק** (מעסופעק) **זיין** — צווייפלען.

**יוצא לכל הדעות** (יויצע לעכאָל האַדייעס) — זיין אין אָרדענונג פאַר אַלעמען.

**נח** (לייענט זיך: נאָיאַך) — שרייבט זיך לויטן העברעיִשן אויסלייג בלויז מיט צוויי אויסיעס. אויף איינעם, וואָס קאָן נישט שרייבן ריכטיק זאָגט מען, אַז ער שרייבט „נח מיט זיבן גרייזן".

**עברי** (איוורע) **זעצן** — לייענען.

**הגדה** (האַגאָדע) — די זאַמלונג דערציילונגען וועגן דעם אַרויסגאַנג פון די יידן פון מיצראַיִם.

**תרח אבי, אברהם ואבי, נחור ויעבדו** — דער זאַץ איז פּאַראַדיִירט. דער עיקר איז צוליב דעם שלעכטן לייענען (נישט געהעריק בינדן און צעטיילן די ווערטער).

**לומדות** (לאָמדעס) — געלערנטקייט, קענטעניש.

**יחום** (ייכעס) — אײדעלע אָפּשטאַמונג.

**ים** (יאַם).

**ממילא** (מעמיילע) — פֿון זיך אַליין, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך.

**כל ולך** (קאָל וועלאָד) — דאָ באַטײַט עס: דער גאַנצער פּירער, אַזאַ וואָס אומעטום און אין אַלץ איז ער פֿול.

**רבי** (רעבע) — דאָ געמיינט: אַ לערער, אַ וועגווייזער.

**גוזמאות** (גוזמעס, גוזמאָעס) — דאָ געמיינט: אויסערגעוויינלעכע זאַכן; נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן.

**מאכן אַ כלי** (קיילע) **פֿון עמעצן** — מאַכן אַ לײַט, אַרויספֿירן אויף אַ וועג.

**דין־תורה** (דינטוירע) — אַ געריכטס־פֿאַרהאַנדלונג לויט די יידישע רעלי־גיעזע געזעצן ביים ראָוו.

**שכירות** (סכירעס) — לוין, געהאַלט.

**קצבים** (קאַצאָווים).

**משולח** (מעשולעד) **פֿון רב מאיר בעל־הנס** (רעב מייער באַל־האַנעס) — דער דעלעגאַט, געשיקטער צו קלייבן געלט פֿאַר די לערנער אין די ישיבֿות אין ערעץ־ייִסראָעל. דער פֿאָנד פֿלעגט גיין אויפֿן נאָמען פֿון דעם וווּנדער־אויפֿטוער מייער באַל־האַנעס, וואָס זיין קבֿר געפֿינט זיך אין ערעץ־ייִסראָעל.

**נשרפים** (ניסראָפֿים) — אָפּגעברענטער.

**תחינה** (טכינע) — אַ זאַמלונג פֿון געבעטן. פֿאַרפֿאַסט אין יידיש ספּעציעל פֿאַר פֿרויען.

**תירוץ** (טערעץ) — פֿאַרענטפֿערונג.

**אשה** (אישע) — פֿרוי.

**חכמה** (כאָכמע) — קלוגשאַפֿט. **חכמה** (כאַכאָמע) — אַ קלוגע.

**געוועלטיקן** — הערשן.

**מלאך־המות** (מאַלעך־האַמאָוועס) — דער מאַלעך פֿון טויט.

**אָפּפּסקענען** (אָפּפּאַסקענען) — באַשטימען. אַרויסגעבן אַ מיינונג.

**נביאה—נביאות** (נעוויע—נעוויעס) — אַ פֿרוי אַ וואָרזאָגערין.

עשירות (אשירעס) — רייכטום.

אסיפה (אסיפע) — פארזאמלונג.

מרחץ (מערכעץ) — באָד.

מכות (מאקעס) — ווונדן.

רפואה (רעפוע) — היילונג, היילמיטל.

דאָליע — מזל (אוקראַיניש).

מרה־שחורה (מאָרעשכוירע) — אומעט, מעלאנכאָליע.

פאלמעסן — דאָס אויפשניידן דעם גוף פון א טויטן, דורכפירן א סעקציע.

מודה (מוידע) זיין.

שפלע (שאָפעלע) — דערנידעריקנדיקע.

אומות־העולם (אומעס־האאוילעם) — אנדערע פעלקער, נישט־יידן.

מבין (מייווו).

א סברה (סוואָרע) — א מעגלעכקייט, א פלאַן.

בגלופין (בעגילופן) — אביסל שיקער.

טרוד (טאָרעד) — פארטאָן, פארנומען.

חברה־קדישא (כעוורע־קעדישע) — די געזעלשאפט, וואָס פלעגט זיך פאר־נעמען מיט דורכפירן די צערעמאָניע פון באַגראָבן א טויטן.

קבורה (קוואָרע) — געלט — דער אָפצאָל, וואָס מע פלעגט נעמען ביי דער פאמיליע פון געשטאָרבענעם פארן דורכפירן די צערעמאָניע פון באַ־גראָבן און פארן אָרט אויפן בייסוילעם.

בר־מינן (בארמינאן) — דער געשטאָרבענער.

מתוק מדבש (מאָסעק מידוואָש) — זיסער פון האָניק.

טז

שיריים (שיראַים) — איבערבלייבעכצן.

בטבע (בעטעווע) — לויט דער געוווינהייט, לויט דער נאַטור.

דרך־ארץ (דערעד־ערעץ) — אכטונג, אָפשיי.

רגע (רעגע) — מאָמענט, סעקונדע.

רמז־דרמיזא (רעמעז־דערעמיזע) — א מינדסטער ווונק.

מקצת (מיקצעס) — א קליינער טייל.

שיטה (שיטע) — דאָ געמיינט: גאַנג, פראָגראַם.

בנאמנות (בענעמאָנעס) — אויף ערנוואָרט.

אתה־בחרתנו (אטאָ־בעכאַרטאָנו) — ווערטלעך באַדייט עס: דו (דאָס הייסט גאָט) האָסט אונדז אויסדערוויילט. די פֿרומע ייִדן האָבן געהאַלטן, אַז ייִדן זענען דאָס אויסדערוויילטע פֿאָלק.

שבחים (שוואָכים) — לויב־ווערטער.

כנסת־ישׂראל (קנעסעס־ייסראָעל) — דאָס ייִדישע פֿאָלק.

דיבורים — רייד, ווערטער.

א ממשות (מאַמאָשעס) האָבן — האָבן אַ ווערט, אַ האַפֿט.

שוטים (שויטים) — נאַראָנים.

מה־רעש (מאַ־ראַש) — וואָס איז דאָס געשריי?

ממזר בן הנידה (מאַמזער בען האַנידע) — אומגעזעצלעך קינד פֿון אַן אומריינעם געבורט.

מסיני (מיסינאַי) — דאָ געמיינט: באַשערט, מוז אַזוי זײַן.

מזכה (מעזאַקע) זײַן — באַוויליקן, שענקען.

כדי (קעדאַי).

שיר־המעלה (שיר־האַמײַלע) — דאָ געמיינט: אַ מעסירע, דענונציִרונג.

כלי־זין (קלעזאיִען) — געווער, געצייג.

פּועלן (פּויעלן) — דערגרייכן, זיך דערשלאָגן, אויספֿירן.

מוסר (מוסער) — שטראָף־רייד. מוסערן — אויסרעדן עמעצן, מאָראַליזירן.

סדר־העולם (סיידער־האָאוילעם) — אָנגענומענע פֿירונג אויף דער וועלט.

תּפֿיסה (טפֿיסע) — דאָ באַטײַט עס: אויפֿנעם־פֿעיִקייט.

תּופֿס (טויפֿעס) זײַן — באַנעמען, באַגרײַפֿן.

חיות־רעות (כאַיעס־ראָעס) — ווילדע באַשעפֿענישן, רויב־כאַיעס.

בהמות־טהורות (בעהיימעס טעהוירעס) — ריינע, קאָשערע בעהיימעס.

בייטן די יוצרות (יאָצרעס) — פֿאַרבײַטן די ראָלן.

ביד רמה (בעיאַד ראָמאָ) — מיט אַ שטאַרקער האַנט.

בלק (באָלעק) לערנען — עמעצן אָנלערנען, אָפּטאָן בייז.

נע דאי באָה איז איוואַנאַ פּאַנאַ (אוקראַאיניש) — באַהיטן זאָל גאָט, אַז איוואַן זאָל ווערן אַ פּאַרעץ.

חסר־דעה (כאָסער דייע) — פֿון זינען אַראָפּ.

מהיכא־תּיתי (מאַכטייסע).

סדרה (סעדרע) — גייט אַ סעדרע. מיינט דאָ: ס'הייבט זיך אָן אַ ריי, אַ גאַנג.

**תרומה** (טרומע), **שקלים** (שקאָלים) — נעמען פון פארשעס, קאפיטלעך אין כומעש, אין וועלכע ס'רעדט זיך וועגן אמאָליקע יידישע שטייערן און אָפּצאָלן.

**מחשבות** (מאכשאָוועס) — געדאנקען.

**משפט** (מישפעט) — געריכט, פּראָצעס.

**סוד** (רוסיש) — געריכט.

**ממה־נפשך** (מאָנעפשעך) — אָדער־אָדער, איינס פון דיביידע.

**מנה־יפה** (מאָנע־יאָפע) — א שיינע סומע געלט.

**תקיפות** (טקיפעס) — שטאַרקייט, מאכט.

**איבערהרוגזן** (איבערהרוגעזן) — אָפּקילן דעם צאָרן..

**לאַסקע** — גנאָד, געפעליקייט.

**בתורת עצה** (בעטוירעס אייצע) — אין דער פאָרם, אויף דעם שטייגער פון אן אייצע.

**אן עדה** (איידע) **יידן** — א געזעמל, א גרעסערע גרופּע יידן.

**געפועלט** (געפּויעלט) — אויסגעפירט, זיך דערשלאָגן.

**רח"ש** (רעכאַש) — אָפּצאָל פאַר די קליי־קוידעש (ראָוו, כאַזן, שאַמעס). דאָ איז אָבער געמיינט: דער אָפּצאָל פאַר איסור וואָרגער.

**לחיים** (לעכאַים).

**מסחרים** (מיסכאָרים) — געשעפטן.

**עולם־הבא** (אוילעם־האַבע) **זאכן** — גייסטיקע, רעליגיעזע אינייאַנים.

**התחלה** (האסכאָלע) — אָנהייב.

**זכר** (זייכער) — שפּור, אָנדענק.

**שריד־ופליט** (סאָרעד־אופּאָלעט) — איבערבלייבעניש, שפּור.

**המוציא** (האמויצע) — דאָ געמיינט: דאָס ערשטע שטיקל אָפּגעשניטענע כאַלע.

**נישט וויסן מאי דקא־אָמרי רביצין** (מאי דעקאמרע רעביצין) — א שפּאַס־אויסדרוק אין פאַל, ווען עמעצער הייבט נישט אָן צו וויסן פון גאָרנישט.

**פילוסופיא** (פּילאָסופיע) — פּילאָזאָפיע, הויכע מאַטעריעס.

**חסרון** (כיסאָרן).

**דער עיקר** (דעריקער).

**להוט** (לאָהעט) **זיין** — זיין גיריק, שטאַרק זיך יאָגן נאָך עפּעס.

**באָם** (בעים) — טאָמער, אויב.

**גבירה** (גווירע) — רייכע פרוי.

**קבר־אָבות** (קייווער־אָוועס) — דאָ געמיינט: דער מינהג צו באַזוכן די ערטער, ווו עס זענען באַגראָבן די געשטאָרבענע עלטערן.

**שיר־השירים** (שיר־האשירים) — טייל פון טאנאך.

**העני חסיה נח־מעם** — לייענען: העניע כאסיע נאכמענס. דאָס איז פאַר־הויט פון אָני כּאָשעור קעמעס, וואָס באַטייט: אַן אָרעמאַן איז גע־גליכן צו א טויטן.

**נפקא־מינה** (נאפקעמינע) — אונטערשייד.

**ראשית־חכמה** (ריישעס־כאָכמע) — ערשטנס, פריער פון אלץ.

**בטל** (באָטל) **ווערן** — צו נישט ווערן.

**שאַפּקעוועז** (פון רוסיש) — אַראָפּנעמען דאָס היטל, אונטערליגן זיך.

**לחלוטין** (לאכלוטן) — אינגאנצן נישט.

**הערן ווי אין טשערנאָוויץ די מגילה** (מעגילע) — באַטייט דאָס איי־גענע ווי: הערן ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי אד"גל.

**מיט כוונה** (קאוואָנע) — ערנסט, גוט באַטראַכט.

**בכן** (בעכיין) — אלזאָ, דעריבער.

## יז

**דרך** (דערעך) — דאָ געמיינט: גאַנג, פּראָגראַם.

**תחילת** (טכילעס) — צום אָנהייב.

**תרגום** (טארגעם) — דאָ באַטייט עס: אומפאַרשטענדלעך, ווי אויף א פרעמדער שפראַך.

**לעת־עתה** (לעסאטע) — דערווייל.

**כהנים** (קויהאַנים) — דאָ געמיינט: די גרופּע יידן, וואָס רעכענען זיך פאַר אָפּשטאַמיקע פון אמאָליקע קויהאַנים, דינער פון ביים־האמיקדעש, דער טעמפּל אין יערושאָלאים.

**דוכענען** — בענטשן.

**תשליך** (טאשלעך) — דער מינהג, וואָס פרומע יידן האָבן געהאַט אוועק־צוגיין אום ראָשאַשאָנע צו א פליסנדיק וואסער און אָפּזאָגן דאָרט א טפילע אלס צייכן פון אוועקוואַרפן די זינד אין וואסער אריין.

**בעל־שם** (באַל־שעם) — דאָ געמיינט: דער וואָס פלעגט מיט פאַרשידענע שפּרוכן און אָפּשפּרעכענישן באַוויזן וואונדער, היילן קראַנקע אד"גל.

לץ (לעץ) — מיעול.

מתים (מייסים).

**עולם־התוהו** (אוילעם־האטויע) — אמאָליקע יידן האָבן געגלויבט, אז געווייסע מענטשן, וואָס זייערע נעשאָמעס זענען נישט אריינגעלאָזט געוואָרן נישט אין גאַניידן, נישט אין גיהענעם, בלאָנדזשען ארום אויף דער וועלט.

**בעזלידעווער** — געמיינט: דער כסידישער רעבע פון בעזליודעוו.

**מלאך־דומה** (מאלעך־דוימע) — דער מאלעך איבער די טויטע אין די קוואָרים.

**מלאך־חבלה** (מאלעך־כאבאָלע) — דער מאלעך וואָס מאטערט די זינדיקע נאָכן טויט.

**קפיצת־הדרך** (קפיצעס־האדערעך) — דאָס איבערנאַטירלעכע איבערטראָגן זיך גיך איבער ווייטע שטרעקעס, וועג־שפּרונג.

**גלגול** (גילגל) — זע דערקלערונג אויף זייט 151.

**מגולגל** (מעגולגל) **ווערן** — פאַרוואַנדלט ווערן.

**פּאָדריאַטשיק** (רוסיש) — אַן אונטערנעמער, וואָס פלעגט אויספירן פאַרשידענע ארבעטן אָדער צושטעלונגען פאַר דער רעגירונג, מיליטער אד״גל.

**גלאָסני** (רוסיש) — א ראַטמאַן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. גאָלאָס — שטימע.

**עבירות** (אוויירעס) — זינד.

**זוכה** (זויכע) **זיין** — הערגרייכן, האָבן די ווערט.

**על־חטא** (אל־כעט) — דאָ געמיינט: דער מינהג צו שלאָגן זיך אין האַרצן מיט דער פויסט אלס צייכן פון כאַראָטע אויף די זינד.

**חושים** (כושים) — פיל־אָרגאַנען.

**ברואים** — באַשעפענישן.

**תורות** (טוירעס) — דאָ געמיינט: געדאַנקען, אידעען.

**מתמיד** (מאסמעד) — פלייסיקער, אַרבעטזאַמער.

**תנועות** (טנועס) — מינעס, אָנשטעלן.

**ישיבה־בחור** (יעשיווע־באָכער) — א לערנער אין יעשיווע: אזא מין העכערע רעליגיעזע שול.

**גמרא** (געמאָרע) — צווייטער טייל פון טאַלמוד, די זאַמלונג פון די יידישע רעליגיעזע געזעצן.

יושר (יוישער).

**גומילאסטיק** — גומע; דאָ געמיינט: אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך ציִען.

**כי הנה כחומר** (קי הינע קעכוימער) — ווערטלעכער טייטש: דאָס איז ווי ליים.

**מתי אעשה לביתי?** (מאָסאַי עאסע לעבייסי) — דאָ באַטייט עס: ווען וועל איך אַרבעטן פאַר זיך?

**ואני באתי בימים** (וועאַני באָסי באיאָמים) — דער טייטש: און איך בין שוין עלטער געוואָרן.

**פשטלעך** (פשעטלעך) — אויסטייטשונגען, קאָמענטאַרן.

**לא המדרש העיקר** (לוי האמעדרעש האָיקער) — דער איקער איז נישט דאָס לערנען.

**הסברה** (האַסבאָרע) — אײַנפֿאַל, פּלאַן.

**בעל־צדקה** (באַל־צדאָקע) — אַ צדאָקע־געבער, אַ פילאַנטראָפּ.

**אכזר** (אַכזער) — שלעכטער, האַרטער מענטש.

**גנב שבגנבים** (גאַנעוו שעבעגאַנאָווים).

**קשה** (קאָשע) **זײַן** — אומפֿאַרשטענדלעך, שווער צו באַגרײַפֿן.

**חשוב—חשובים** (כאָשעוו—כשווּוים) — אָנגעזעענער, וויכטיקער מענטש.

**משרת** (מעשאָרעס), **משרתים** (מעשאָרסים) — דינער.

**סדר־העולם** (סיידער־האָאוילעם) — פֿירונג, מאָדע.

**מששת ימי בראשית** (מישיישעס יעמיי בערײשעס) — אָנהייבנדיק פון דעם באַשאַפֿן די וועלט.

**אגב** (אַגעוו) — דערווייל, פֿאַרבײַגייענדיק.

**אדון** (אָדו) — האַר, פֿאַרשט.

**מליץ־יושר** (מײלעץ־יוישער) — פֿאַרטיידיקער, אַזאַ וואָס שטעלט זיך אײַן פֿאַר יענעם.

**פועלן** (פּויעלן) — אויספֿירן, זיך דערשלאָגן.

**יהי־רצון** (יעהי־ראָצן) — דאָ געמיינט: אַבי וואָס, בלויז רייד.

**שתדלנות** (שטאַדלאָנעס) — אײַנשטעלונג, אינטערווענץ.

**יהיה־איך־שיהיה** (איע־אייך־שעאיע) — זאָל זײַן ווי ס'וועט זײַן.

**נתגדל** (ניסגאַדל) **ווערן** — דערהויבן ווערן, אַרויסרײַסן זיך, אויסוואַקסן.

## יח

**שבת-נחמו** (שאבעס־נאכמו) — דער שאבעס נאָך טישעבאָוו

**סטאַטעטשנע** — געלאַסן, באַזאַכט.

**צער** (צאַר) — ווייטאָק, פאַרדרוס.

**געשרפעט** (געסאַרפעט) — געברענט.

**פּריקרע** — אומאַנגענעם.

**קדחת** (קאַדאָכעס) — פיבער.

**געכתיבהטע** (געקסיוועטע) — שיין געשריבענע, קאַליגראַפירטע.

**בשמחה** (בעסימכע) — מיט פרייד.

**מבול** (מאַבל) — גרויסע פאַרפלייצונג, גוס־רעגן.

**נחם תיבה** (נאָיאַכס טייווע) — לויט דער יידישער לעגענדע האָט זיך נאָיאַך מיט זיין פאַמיליע געראַטעוועט פון מאַבל אין אַזאַ קאַסטן — א טייווע.

**משה רבינו** (מוישע ראַביינו) — געשטאַלט פון טאַנאַך — גרונטלייגער פון דער יידישער געזעצגעבונג, דער לעגענדאַרער באַפרייער פון די יידן פון דער קנעכטשאַפט אין מיצראַיִם.

**לוחות** (לוכעס) — לויט דער לעגענדע האָט מוישע אַראָפּגעבראַכט פון הימל די צען הויפּט־געבאָטן פון דער יידישער רעליגיע אויסגעקריצט אויף לוכעס — שטיינערנע טאַוולען.

**ברוך-הבא** (באָרעך־האַבאָ) — באַגריסונג.

**מקח** (מעקעך) — פּרייז.

**ברוך-הוא** (באָרעך־הו) — געלויבט איז ער.

**דחקות** (דאַכקעס) — נויט, אָרעמקייט.

**לבנה** (לעוואָנע).

**פאַלגע** — שפּאָט־אויסדרוק אויף די שניידער.

## יט

**מעלות** (מאַלעס), **מידות-טובות** (מידעס טוייווס) — גוטע שטריכן, זיטן.

**הוצאות** (הויצאָעס) — אויסגאַבן, קאָסטן.

**מחמת** (מאַכמעס) — צוליב.

**מגושמדיק** (מעגושעמדיק) — דאָ באַמײַט עס: גראָב קערפּערלעך.

**בן־בית** (בען־באַיעס) — אַ שטוב־אײגענער, אַ היימישער מענטש.

**שרייבער** — דאָ באַטײַט עס: איינער וואָס פּלעגט לערנען מיידלעך שרייבן.

**קרוב** (קאָרעוו).

**בסוד** (בעסאָד).

**תנאים** (טנאָים) — דאָ געמיינט: די ערשטע פייערונג ביים שליסן אַ באַ־סענע־אָפּמאַך.

**דרך־ארץ** (דערעך־ערעץ) — אַכטונג, אָפּשיי.

**מיתה בנשיקה** (מיסע בנעשיקע) — אַ טויט דורך אַ קוש.

**כמוך** (קאָמויכאָ) — אַזוי ווי דו.

**פאָמאַדע** — קרעם, האָר־זאַלב (רוסיש).

**הכנות** (האַכאָנעס) — צוגרייטונגען.

**תענוג** (טײַנעג) — פאַרגעניגן, גענוס.

**כאַפּערס** — אין יענע צייטן פלעגט נישט זיין קיין אַלגעמיינע מיליטער־פליכט. יעדע יידישע קעהילע, שטעטל, פלעגט דאַרפן צושטעלן אַ געוויסע צאָל רעקרוטן. די אָנפירער פון קאָהל פלעגן שוין אַליין באַ־שטימען, ווער ס'זאָל ווערן צוגעשטעלט. מערסטנטייל פלעגט מען אָפּ־געבן פאַר רעקרוטן קינדער פון אָרעמע מענטשן, אָדער אַזעלכע, וואָס זענען געווען אומבאַקוועם פאַר די רעדלפירערס און אַזוי־אַרום פלעגט מען פּטור ווערן פון זיי. אָפּטמאָל פלעגט מען פאַשעט כאַפּן די מענ־טשן אויף די וועגן, אָדער אין אַ צווייטער שטאָט. דערצו האָבן געדינט ספּעציעל געדונגענע מענטשן — כאַפּערס.

כ

**רייסן קריעה** (רייסן קריע) — דאָ געמיינט: זיך מאַטערן, פּייניקן זיך.

**מכמה טעמים** (מיקאַמע טיימים) — צוליב פיל סיבעס, אומשטענדן.

**לא יוצלח** (לוי ייצלעד) — אַ שלימאַזל.

**פירוש** (פיירעש) — אויסטייטשונג, קאָמענטאַר.

**בטל** (באָטל) **ווערן** — דאָ: זיך פאַרלירן, צעמישט ווערן.

**ברירה** (ברײַרע) — אויסוואַל.

**פשרה** (פשאָרע) — קאָמפּראָמיס, אויסוועג.

**מוסר** (מוסער) — שטראָף־רייד, אויסרעדן, פאָרוווּרף.

לערך (לעערעך) — מער־וויינישקער.
תשובה (טשוווע) — ענטפער.
נישט לכבוד (לעקאָוועד) — ס'פּאַסט נישט, שטייט נישט אָן.
מיוחסים (מעיוכאָסים) — דאָ געמיינט: רייכע, פיינע לייט.
גדלות (גאַדלעס) — שטאָלץ, באַרימערײַ.
ל"ג בעומר (לעגבוימער) — אַ יידישער יאָמטעוו פרילינג־צייט.
מנין (מיניען) — צען יידן — אַזאַ צאָל האָט זיך לויט די פאָרשריפטן גע־
פאָדערט צו קאָנען דאַוונען צוזאַמען, ווי אויך ביי אייניקע אַנדערע
רעליגיעזע צערעמאָניעס.

# כא

הלכות (האַלאָכעס) — געזעצן, פאָרשריפטן.
פירושים (פיירושים) — דערקלערונגען, קאָמענטאַרן.
הגהות (האַגאָעס) — באַמערקונגען, צוגאַבן.
חריפות (כאַריפעס) — דאָ געמיינט: אַ זעלטנקייט.
בעל־הוצאה (באַל־הויצאָע) — דער וואָס האָט אַ סאַך אויסגאַבן, קאָסטן.
מקחים (מעקאָכים). — פרייזן.
שפע (שעפע) — איבערפלוס, רייכטום.
וותרן (וואַטרען) — אַ מילדער, אַן אויסבערעכנער.
גביר הגדול והנורא (געוויר האַגאָדל וועהאַנוירא) — ווערטלעכער טייטש:
דער גרויסער און שרעקלעכער גביר.
עובר־בטל (אויווער־באָטל) — איינער, וואָס צוליב אַלטקייט הערט ער
אויף צו פאַרשטיין וואָס אַרום אים קומט פאָר.
מטבע (מאָטבייע).
בקבלה (בעקאַבאָלע) — לויט טראַדיציע, איבערגענומען פון אַמאָל.
נבלה (נעווײלע) — קערפּער פון אַ טויטער כאַיע.
שתדלן (שטאַדלען) — איינער, וואָס פלעגט זיך פאַרנעמען מיט אינטער־
ווענצן, מיט פועלן עפּעס ביי די מאַכט־אָרגאַנען.
כלי־קודש (קליי־קוידעש) — די גרופּע מענטשן, וואָס זייער אַרבעט איז
געווען צו באַדינען די רעליגיעזע באַדערפעניש, ראָוו, כאַזן, שוי־
כעט א״אַ.
פגירה (פּעגירע) — גוף פון אַ טויטער כאַיע.

**לא־עליכם** (לוי־אלייכעם) — נישט פאר אייך געדאכט.

**אבר** (אייווער) — גליד..

**נוטה־למות** (נויטע־לאָמעס) — איינער, וואָס האלט ביים שטארבן.

**גואל** (גויעל) — אויסלייזער, אויסהעלפער.

**מקיים** (מעקאיעם) **זיין** — אויספירן, רעאליזירן.

**משא** (מאסע) — שווערקייט, לאסט.

**קרבן** (קאָרבן).

## כב

**נמאס** (נימעס).

**כל־זמן** (קאָל־זמאַן) — אזוי לאנג, ביזוואנען.

**מעוברת** (מובערעס) — שוואנגער.

**א חיוב** (כיעוו) — א מוז, א פליכט.

**חברה** (כעווריע) — געזעלשאפט.

**כנים** (קינים) — לייז.

**מי יודע** (מי יעדייע) — ווער ווייסט.

**יום־המיתה** (יאָם האמיסע) — דער טאָג פון שטארבן.

**כוונה** (קאוואָנע) — דאָ געמיינט: מיין, פלאַן.

**גובערניע** — אמאָליקער איינס פון דער אדמיניסטראטיווער טיילונג אין רוסלאנד. דאָ געמיינט: די אָנפירונג פון דער גובערניע, די מאכט־אָרגאנען.

**תושב** (טוישעוו) — אן איינגעזעסענער, א היגער.

**שדכן** (שאדכן), **שדכנים** (שאדכאָנים) — די כאסענע־פארמיטלער, די וואָס פלעגן זיך פארנעמען מיט צונויפפירן כאָסן־קאליע.

**התלהבות** (היסלאיוועס) — ברען, ענטוזיאזם.

**שם** (שעם) — נאָמען, באַרימטקייט.

**כל־ימיו** (קאָל יאָמאָוו) — זיין גאנץ לעבן.

**מציאה** (מעציע) — א טייערע זאך, וואָס מע קריגט זי אומגעריכט בזול.

**גרוגרת דר׳ צדוק** (גרויגערעס דערעב צאָדעק) — רעב צאָדעקס פייג.

**קרן** (קערן) — דער קאפיטאל, דאָס סאמע גרונטיקסטע, די הויפטזאך.

**בעלן** (באלן) — קאנדידאט.

**הרים וגבעות** (האָרים אוגוואָעס) — גאָלדענע בערג, אויסגעטראַכטע, איבערגעטריבענע זאַכן.

**שבחים** (שוואָכים) — לויב־ווערטער, גוטע מיינונגען.

**מצבה** (מאַצייווע) — אָנדענק־שטיין אויף א קייווער פון א מענטשן.

**חלק עולם־הבא** (כיילעק אוילעם־האַבאָ) — יידן האָבן געגליבט, אַז כוץ דעם לעבן דאָ אויף דער ערד איז נאָך דאָ נאָכן טויט א לעבן אויף דער קומענדיקער וועלט, אויפן הימל, און דעם לעבן האָט יעדער ייד א טייל.

**שבועות** (שוועס) — באַשווערונגען.

**תקיעת־כף** (טקיעס־קאַף) — דאָס פייערלעכע געבן די האַנט ביים צוזאָגן עפּעס.

כג

**חלב** (כיילעוו) — פעטס פון בעהיימעס. אמאָליקע ליכט פלעגן זיין פון בלויז כיילעוו.

**מנחם־אָבל** (מענאַכעם־אָוול) **זיין** — די צערעמאָניע פון קומען טרייסטן איינעם, וואָס טרויערט נאָכן טויט פון זיינעם א נאָענטן אין די זיבן טרויער־טעג — שיווע.

**קדיש** (קאַדעש) — דאָ געמיינט: א זון.

**גט** (געט) — שריפטלעכער אקט פון פונאַנדערגיין זיך פון מאַן און ווייב. לויט יידישע רעליגיעזע פאַרשריפטן איז געגאַנג געווען איבערצוגעבן דער פרוי אין דער האַנט אריין דעם אקט, אז דאָס צעשיידן זאָל זיין געזעצלעך.

**רעש** (ראַש) — טומל, סקאַנדאַל.

**רשע** (ראָשע) — בייזער, שלעכטער מענטש.

**חרפה** (כאַרפּע) — שאַנד.

כד

**כנופיא** (קנופיע) — כאַפּבאַנדע, געזינדל.

**זכות־אבות** (זכוס־אָוועס) — דאָ געמיינט: יענעמס פאַרדינסט, יענעמס באַמיונגען.

**כדת** (קעדאַס) — דאָ געמיינט: אויף דעם גאַנג, לויט דער טעאָריע.

**בחוש** (בעכוש) — דייטלעך, באַשיימפּערלעך.

**ווידוי** (ווידע) — אַ תּפילה, וואָס פרומע יידן פלעגן זאָגן פאַרן טויט. דערביי פלעגט מען דערציילן אַלץ וואָס מ'האָט אָפּגעטאָן אין לעבן און אויסדרוקן חרטה אויף די זינד.

**מעשר מן המעשר** (מייסער מין האַמייסער) — אַ צענטל פון אַ צענטל, ד. ה. אַ הונדערטסטל.

**על חטא שחטאתי** (אַל כעט שעכאָטאָסי) — אַזוי פלעגט זיך אָנהייבן יעדער ווידוי. ווערטלעך באַטייט עס: אויף די זינד, וואָס כ'האָב געזינדיקט בין איך זיך מודה.

**באיש־קטן** (בעיש־קאָטן) — דאָ געמיינט: ווי אַ קליין מענטשעלע.

דאָ און אין די ווייטערדיקע טיילן פון טעקסט זענען אויסגעמישט העברעישע מיט יידישע ווערטער, ווי אויך, יידישע ווערטער מיט העברעישע פּרעפיקסן, אַשטייגער, באַרענדע (לייענען: בעאַרענדע), בוויבאַרעס (בעווייבאַרעס — מיט ווייבער), במאַקסע און אַ"ז.

**תן לי הרכוש והדמעות קח לך** (טייז לי האַרכוש וועהאַדמאָעס קאַך לעכאָ) — ווערטלעכער טייטש: דאָס פאַרמעגן גיב אַוועק מיר און די טרערן נעם פאַר זיך.

**זשיד, דאַוואַי גראָשי** (אוקראַיניש) — ייד, גיב געלט.

**בל־תשחית** (באַל־טאַשכיס) — זאָלסט נישט פאַרניכטן.

**בבהמה זו** (בעבעהיימע זו) — מיט דער בהמה.

**אמונה** (עמונע)־**זאַכן** — רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן.

**מגדל** (מעגאַדל) **זיין** — אויפהאָדעווען, דערציען.

**העוויות** (האַוואַיעס) — זשעסטן, אָנשטעלן.

**הנהגות** (האַנהאָגעס) — פירונגען.

**מדרגה** (מאַדרייגע) — שטאַפל, גראַד.

**עם־הארץ** (אַמאָרעץ) — אומגעלערנטער, פּראָסטער מענטש.

**ריווח** (רייווער) — פאַרדינסט.

**בגילוי־הוראות** (בעגילע־הוירעס) — אַנטפּלעקן געזעצן.

**דיינים** (דאַיאָנים), **מורה־הוראות** (מוירע־הוירעס) — די, וואָס פלעגן פונאַנדערקלייבן פאַרשידענע לאַדענישן לויט די געזעצן פון דער תּורה.

**אסרן** (אסערן, געאסערט) — פאַרבאָטן.

**מהאי־טעמא** (מאַי־טאַמע) — בלויז דערפאַר, נאָר אויף דעם גרונט.

**דיבור־פה** (דיבור־פע) — רייד פון מויל ארויסגעלאָזט.

**גרגרת** (גארגערעס) — גאָרגל.

**ביכולת** (בעיכוילעס) — פעיק, אימשטאנד.

**התמנות** (האסמאָנעס) — אַרבעט, פּראָפעסיע.

**חסרונות** (כעסרוינעס) — פעלערן.

**לא־יוצלח** (לוי־יוצלעך) — טויגעניכטס, שלימאזל.

**מכניע** (מאכניע) **זיין זיך** — זיין אונטערטעניק, בוקן זיך.

**גלאסני** (רוסיש) — ראטמאן אין דער שטאָט פאַרוואַלטונג.

**צדקה־חברות** (צדאָקע־כעווורעס) — פילאנטראָפּישע געזעלשאפטן צו שטיצן אָרעמעלייט.

**מתעסקים** (מיסאסקים) — טוערס.

**בעלי־רחמים** (באלע־ראכמים) — בארעמהארציקע לייט.

**דיעסוויטעלני טאיני גבאי** (גאבע) — אַן אידיאָטישער פאַרגלייך מיט דעם אמאָליקן רוסישן גרויסן טיטל „דיעסוויטעלני טאיני סאָוויעטניק" (ווירקלעכער געהיימער ראטגעבער).

**בסוד סודות** (בעסאָד סוידעס) — שטרענג געהיים.

**נאמן** (נעמען) — פאַרטרויענס־מאן, קאסירער.

**נאמנות** (נעמאָנעס) — ערלעכקייט.

**מחויב** (מעכויעוו) — פאַרפליכטעט.

**כאַטע פאָקרישקע** (אוקראַאיניש) — געמיינט: שא שטיל, קיינער זאָל נישט וויסן.

**טאַקסע** — דער אָפּצאָל, וואָס יידן האָבן אין יענע צייטן געצאָלט פאַר קאָשער פלייש, האָט געדאַרפט גיין אויף אויסצוהאַלטן פאַרשידענע קאָהלשע אינסטיטוציעס. אינדערעמעס פלעגן די באַלעטאַקסע צוזאַמען מיט די קאָהלשע רעדלפירער דאָס געלט פאַרנוצן פאַר זיך, באַרייכערנדיק זיך אויפן כעשבן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. באַזונדערס האָט דערפון, פאַרשטייט זיך, געליטן דער אָרעמער ייד. דעם פּראָבלעם „טאַקסע" האָט מענדעלע געווידמעט זיין צווייט באַרימט ווערק, די דראַמע „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָט־באַלע־טויווע".

**פאַרעיפּושטע** (פאַריפּעשטע) — פאַרשטונקענע.

**שרצים** (שראָצים) — קריכעדיקע באַשעפענישן.

**בירושה פון דור צו דור** (בעירושע פון דאָר צו דאָר).

**א קיום** (קיעם) **האָבן** — האָבן א האַפט, קאָנען עקזיסטירן

**גאַטס־סטראַפּטשעס** — גאָטס פאַרטיידיקער. סטראַפּטשי (רוסיש). — אַמאָליקער נאָמען פון אַן אַדוואָקאַט.

**באַסיאַקעס** — אויסגעלאַסענע מענטשן.

**בעלי־טובות** (באַלע־טויוועס) — די, וואָס טוען טויוועס.

**שליטה** (שליטע) — מאַכט, הערשאַפט.

**גלות** (גאָלעס) — דאָ מיינט: זיין פאַרשקלאַפט.

**יראת־שמים** (יירעס־שאָמאַים) — גאָטספאַרכטיקייט, פרומקייט.

**יראה** (יירע) — שרעק (פאַר גאָט).

**לשם־שמים** (לעשעם־שאָמאַים) — פאַר גאָטס וועגן.

**גזירה** (גזיירע) — שלעכטער געזעץ פאַר יידן.

**מבטל** (מעוואַטל) **זיין** — אָפּשאַפן, אָפּהיטן.

**בטל** (באָטל) **ווערן** — צו נישט ווערן.

**פושע־ישראל** (פּאָשע־ייסראָעל) — אָפּטריניקער פון יידישן געזעץ.

**ועל חטא שחטאתי בכנופיא ובכל־ולך... אא״וו** — הער לעצטער אָפּזאַץ פון איסר וואָרגעס ווידע לייענט זיך אזוי: (אין קלאַמערן איז געגעבן דער טייטש פון די ווערטער, לויט דעם אינהאַלט):

בעקיענופיוע (באַנדע), אובעקאָלעוועלאָך (רעדלפירער, וואָס איז אומער טום פול), בעלאָשןהאָרע (רעדן אויף עמעצן שלעכטס הינטער די אויגן, פליאָטקעס), בעמאַניפּאַרגעס (קונצשטיק, שווינדלערישע), או בעמעמזרעם, בעניאַצסאָנעס (פאַרביסנקייט), בעסאָף־שאָבור (שוואַר־צער סאָף), אובעסאָד־סוידעס, בעאַזעס (פרעכקייט, אומפאַרשעמט־קייט), בעפּאַקטערעוועז (פאַרמיטלערײַ), בעצוויעס (צווייפּאַנימדי־קייט), אובעציגיינעריש, בעקאָמעדיעס, בעקאָהעל־שטיבל, אובעקאַנ־טאָרן, בערעכילעס (פליאָטקעס, אָנרעדן אויף עמעצן פאַלש), אובעד־רישעס (שלעכטסקייט), בעשמוסים (נאַרישקייטן), בעשקאָרים (ליגנס), בעשטשאַדלאָנעס (אינטערווענץ), אובעשווינדל; בעטמועס (אָנשטעלן), אובעטאַקיפעס (מאַכטגרויסקייט).

פירוש (פּיירעש) — טייטש, דערקלערונג.

## כה

בטבע (בעטעווע) — אין דער נאַטור, אין כאַראַקטער.

כפי (קעפּי) — לויט דעם ווי...

מעשה־רע (מייסע־ראַ) — אַ שלעכטע זאַך, אַ פאַרברעכן.

אגיל־ואשמח (אָגל־וועסמאַך) — לעבעדיק־פריילעך.

דלפנים (דאַלפּאָנים) — אָרעמעלייט.

יצר טוב (יעיצער־טאָוו) — לויט דער יידישער גלויבונג קעמפן אין מענטשן שטענדיק צוויי קויכעס: דער יעיצער־טאָוו, וואָס רעדט אָן דעם מענטשן צו גוטע טאַטן, און דער יעיצער האָרע, וואָס פירט דעם מענטשן צו שלעכטס.

מוסר (מוסער) — שטראָף־רייד, מאָראַל.

שקר (שעקער) — ליגן.

כרפס (קאַרפּעס). מרור (מאָרער — ספּעציעלע געריכטן אויף דעם פּייסעכדיקן מאָלצייט.

חלף (כאַלעף) — ספּעציעל אַ שאַרף לאַנג מעסער, מיט וועלכן דער שויכעט פלעגט קוילען הינער, בעהיימעס.

גוסס (גויסעסן) — אויסגיין.

מלאך־המות (מאַלעך־האַמאָוועס) — דער טויט.

רוצח (ראָצייעך) — מערדער.

כו

דאגה בלב איש — ישחנה (דאיגע בעלעוו איש — ייסאָכענאָ) — אַז אַ מענטש האָט אַ זאָרג, זאָל ער זי דערציילן.

שופט (שויפעט) — ריכטער.

חסד (כעסעד) — גענאָד, גוטהאַרציקייט.

חטאים (כאַטאָים) — זינד.

חטאת־היחיד (כאַטאַס־האַיאָכיד) — די זינד פון אַן איינציקן מענטשן, פון אַן אינדיווידו.

חטאת־הציבור (כאַטעס־האַציבור) — די זינד פון אַ קאָלעקטיוו.

תלמוד־תורה (טאַלמוד־טוירע) — די רעליגיעזע שולן, וווּ ס׳האָבן זיך מערסטנטייל געלערנט אָרעמע קינדער.

בעלי־רחמים (באַלע־ראַכמים) — באַרעמהאַרציקע מענטשן.

כל־עבודת־פרך (קאָל־אַווידעס־פּערעך) — אַלע שווערסטע אַרבעטן.

פועלים (פּויאַלים) — אַרבעטער, געזעלן.

נבול־פה (ניוול־פּע) — אויסגעלאַסענע רייד.

צוואה (צאַוואָע) — דער אָנזאָג (שריפטלעך אָדער מינדלעך) פון אַ שטאַרבנדיקן, וואָס מ׳זאָל טאָן מיט זיין פאַרמעגן נאָך זיין טויט און אַנדערע וואָרענונגען און ביטעס זיינע.

הכנסות (האַכנאָסעס) — אײַנקונפֿטן, פֿאַרדינסטן.

עולמות (אוילעמעס) פֿאַנדן — וואָס אַ שטאַרבנדיקער לאָזט איבער אויף

לשון־קודש (לאָשן־קוידעש) — העברעיִש.

השגחה (האַשגאָכע) — אויפֿזיכט.

געזעלשאַפֿטלעכע צוזאָג, אַז די אָרעמע צו פֿאַראייביקן זײַן אָנדענק.

לימודים — קענטשאַפֿטן, וויסנשאַפֿטן.

השכלה (האַסקאָלע)־זאַכן — דאָ געמיינט: וועלטלעכע לימודים.

בתנאי (בעטנאַי) — מיטן באַדינג.

שמד (שמאַד)־שטיק אין דער יראה (ייִרע) אַרײַנלייגן — פֿאַרשטעלן,
פֿאַרמאַסקירן פֿאַרברעכנס מיט קלערעלעכע, פֿרומקייט.

אולי־ירחם (אולאַי־יעראַכעם) — עפּשער וועט גאָט זיך דערבאַרעמען.

מקומות (מעקוימעס) — ערטער, געגנטן.

לכל־הפּחות (לעכאָל־האַפּאָכעס) — צום ווייניקסטן.

נגידי עירך קודמין (נעגידיי אירכאָ קאָדמין) — די רײַכע פֿון דײַן שטאָט
זענען בילכער, פֿריִער.

כּפּרת־עוון (קאַפּאָרעס־אָוון) — אַן אויסלייזונג פֿאַר די זינד.

מסדר (מעסאַדער) זײַן — ברענגען אין אָרדענונג, רעדאַגירן.

טרחה (טירכע) — מי, אַרבעט.

## כז

לכתחילה (לעכאַטכילע) — צום אָנהייב.

בדיעבד (בעדיעווער) — סיי ווי, אַז ס'האָט זיך שוין געמאַכט אַזוי...

בלי־נדר (בעלי־נעדער) — דאָ געמיינט: אומבאַדינגט.

צוואת־המת (צעוואָעס האַמעס) — די צוואָע פֿון אַ געשטאָרבענעם.

בכל תּפוצות־ישראל (בעקאָל טפוצעס־ייִסראָעל) — אומעטום ווי עס וווי-
נען ייִדן.

חיבור (כיבור) — פֿאַרפֿאַסונג, ווערק.

מודעה (מוידאָע) — באַקאַנטמאַכונג, מעלדונג.

למען־השם (לעמאַן־האַשעם) — אומבאַדינגט.

מתקן (מעסאַקן) זײַן — רעאַליזירן, אײַנאָרדענען.

ישראל בני רחמנים (ייִסראָעל בנײ־ראַכמאָנים) — ייִדן באַרעמהאַרציקע
מענטשן.

# אינהאלט